לאה'ן

זאָלבע־צוויי זיך געלאָזט אין וועג אַריין
זאָלבע צוויי געקושט דעם האַרצווייטאָג־שטיין
זאָלבע־צוויי צו דער לבנה געריטן —

פֿאַרגעכיגלט, לעבהאַר־צינגע, דו, דרומסון־טהור
וויל דער סוד זיך וועבן צווישן דיר און מיר
בלויז צוויי — און דעם סוד פֿור זײַן דערטאַן

## אינהאַלט:

## אַ באַמערקונג

„דער וועג צו גאָט“ איז געבויט אַרום אַ היסטאָרישער פּאַסי-רונג, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. גראַף וואַלענטין פּאָטאָצקי, איינער פון די גרעסטע מיוחסים פון פּוילישען אדעל, האָט אָנגענומען די אידישע אמונה צוזאַמען מיט זיינעם אַ חבר וואָס האָט געהייסען זאַרעמבאַ. אין מאַי 1749 האָט די הייליגע אינקוויזיציע פאַרברענט דעם „אַפּאָסטאַט“ אויף דעם שייטערהויפען. זיין חבר איז מיט עטליכע יאָהר פריהער אוועק אין ארץ-ישראל כדי דאָרט צו קענען דיענען גאָט בשלמות.

דער העלד און זיין חבר זיינען די איינציגע פּערזאָנען אין דער דראַמאַ וואָס זיינען געשיכטליך אויטענטיש. אַלע אַנדערע פּערזאָנען זיינע ריינע פיקציע. דאָסזעלבע איז אויך אמת מכח די פאַרשיעדענע עפּיזאָדען וואָס ענטוויקלען דעם גרונד-געדאַנק פון דער דראַמאַ, כאָטש דאָ-און-דאָרט זיינען די מאָגערע, היסטאָרישע פאַקטען אויסגענוצט געוואָרען אויף אַ מאָדיפיצירטען אופן.

בקצור — אין דעם ענגערען זין פון וואָרט קען „דער וועג צו גאָט“ ניט באַטראַכט ווערען אַלס אַ היסטאָרישע דראַמאַ. דער מחבר האָט פשוט געקראָגען זיין אינספּיראַציע פון אַ היסטאָרישען פאַקט און זיך מיט איהם באַנוצט אַלס אַן אויסגאַנגס-פּונקט צו „זינגען זיין אייגען ליעד“.

---

## פערזאָנען

צוליעב דער אייגענאַרטיגער קאָנסטרוקציע פון דער דראַמא, וועט די פערזאָנען-ליסט אָנגעגעבען ווערען פאַר יעדען בילד באַזונדער.

פּראָלאָג

# פֿאַר דעם פֿאָרהאַנג

פּערזאָנען:

דער פּאָקוסניק

# פאַר דעם פאָרהאַנג

ד ע ר  פ אָ ק ו ס נ י ק :  (עולה־ויורד׳יק)
אהאַ! אהאַ!
דריי־הונדערט־און־איינס איז — שאַ!
איינס אהער, דריי־הונדערט אהין —
קענט איהר דעם סוד פון אַ פּשוט׳ער שין?
זעהט. אויבען דריי קעפּ; אונטען אַ בריק —
דריי־הונדערט אהין, דריי־הונדערט צוריק...
דוכט זיך — גאָרניט; דוכט זיך — אַ קליינינקייט
(סיידען אַ רמז אויף דער גרויסער דריי־איינינקייט) —
איז אָבער דריי־הונדערט אהין און דריי־הונדערט צוריק,
מיט דריי קעפּ פון אויבען און אונטען אַ בריק,
אַ קונציגע ארבייט, אַ וואַזשנע שטיק!
און דאָס קען איך — דער פאָקוסניק!

אהאַ! אהאַ!
ווי געפעלט אייך די מעשה מיט — שאַ?!
אָט איז אַ וואָרט גרוים ווי אַ פּעניץ;
נור רעדט דאָס ארוים און באַלד ווערט אַ גרעניץ
צווישען דאָרט און דאַ, צווישען אייך און מיר.
שאַ! און פאַרהאַקט די טהיר!
געשטאָרבען די וועלט... איהר ליעגט אַליין
אַ צעהן־פּודיגער שטיין
אויפ׳ן אָבגרונד פון קאָסמאָס — — (געזעהן אַ כאַפּ און אַ פּליה?

קאַסמאָס! גענאַשט פון סלאָוואַר דאָס ערשט היינט-אין-דער-פריה)
וואו'זשע האַלטען מיר? הא?
נאָך אַלץ ביי דעם — שאַ!
גערדעהט אהין און אהער ווי א הונט מיט'ן עק;
גערדרש'עט, גערמז'ט — און ניט געריהרט זיך פון פלעק;
ארויף און אראָב; אהין און צוריק —
נו! א מיחוש אזוינער ביים פּאַקוסניק.

אהא! אהא!
אַט-האָט-ער זיך איבערגעקוליעט — דער שאַ.
א מאַך מיט דער האַנד פון צוריק אויף אהין —
פּרעסטאָ! פאַראַוים טאַנצט די אלף און נאָך איהר די שין.
וואָס'זשע ווערט? הא? גרויסע קעפּ, מענשען מיט מח,
א קנייטש מיט'ן שטערן, טהוט אָן א כח!!! — — —
— — — געטראָפען. יאָ. און לאַנג ניט געקלערט.
אויף אש האָט דער שאַ זיך איבערגעקעהרט.
(און באַלד געכאַפּט; זעהט איהר, אפּנים
אידען זיינען דאָך ניט קיין פּראָסטע יונים)
און איצט אז מיר האַלטען ביים פּסוק פון אש
איז צייט אייך צו ווייזען וואָס כ'האָב אין מיין טאַש;
א טאַש שפּאָגעלניי. איהר זעהט? ניט מעהר דער אַלטער זאַק
(ווידער א קאָנצעסיע צו אייער פיינעם געשמאַק) —
ניטאָ מעהר די דאָפּעל-דנאָי'איגע טאַצען,
די העלדישע קראָליקעס, די עסטעטישע ראַצען,
דער בלייערנער פויגעל, וויציג און שאַרף,
דער פּאַטעטישער קאָטער וואָס שפּיעלט אויפ'ן האַרף,
דאָס טשיפּע-זיבעלע וואָס קעמפּפט געגען פעשעל,
דאָס געטליכע פייער וואָס דרימעלט אין פלעשעל —
שוין געווען!
שוין געזעהן!

אמת, איהר זענט מיעד פון דעם אַלטען באַגאַזש?
איך אויך. איצט זעהט וואָס ס׳איז דאָ אין מיין נייעם טאַש.
איהר זעהט? איהר זעהט? גאָרניט זעהט איהר! חוץ —
אַש, אַש, אַש!

אַש, גרוי און אַלט;
אַש, טויט און קאַלט;
אַ פייער-וואַל דיין נעכטען באַהאַלט...
האָסט געלעבט
און געשטרעבט
און חלומות געוועבט?
האָסט געלאַכט
און געטראַכט
און זיך נאַריש געמאַכט?
האָסט געוואָגט
און געצאָגט
און דיין נשמה געפּלאָגט?
האָסט געקרעכצט
און געיעכצט
און צום הימעל געלעכצט?
אַש, טויט און קאַלט;
אַש, גרוי און אַלט;
האַ? צורייסען דעם וואַל וואָס דיין נעכטען באַהאַלט?

טשאָרט!
זעהט נור דעם דירעקטאָר דאָרט.
פון ווינקעל שיקט ער מיר אַ בליק,
אַ בלאַנקע שפּיעז. „דו (זאָגט ער) פּאָקוסניק!
וואָס איז דאָס פאַר פּוילע שטיק?
ניט דיין עסק טראַגיש ווערען,

ניט דיין עסק לאָקען טרעהרען.
דאָס לאָז איבער יענע שטערען
וואָס די גרויסע וועלט וויל הערען
טראַגיש-פּאָנפּען פון די ברעטער.
אָבער דו? ניט רייץ די געטער!
פּאָיאַץ,
מאַך פּלאַץ!"

ליעבער דירעקטאָר, ניט זייט אַזוי פאַרדראָסיג.
אַ מינוט אָדער צוויי — און איך קום צום פּסוק.
אָט-ערשט פאַראיבער
איז מיין לאָמפּען-פיבער
און פריי געוואָרען איז מיין קול און מינע —
און שוין ארונטער פון דער ביהנע?
און וואָס האָט אַזוי צופלאַמט זיך אייער צאָרן,
ווען איך בין אַ מינוט ערנסט געוואָרען?
ערנסט, ערנסט — נו, איז מה-רעש?
ערנסט איז די היסטאָריע פון מיין ביסעלע אַש.
יאָ — און ערנסט דער וועג וואָס פיהרט צו גאָט,
כמעט אַזוי ערנסט ווי דער העכסטער שפּאָט.
אמת, אונזער כונה איז טאַקי צו מאַכען
דעם ליעבען בילעטניק כאָטש ח״י מאָל לאַכען —
נור אויב גאָט
האָט זיין שפּאָט
געמישט מיט אַ טרעהר —
ווער'זשע איז שולדיג, ווער?
אויב ניט ער, ער, ער!

איצט, ליעבע בילעטניקעס, הערט אייך צו
צום כשוף-שפּרוך: קיקי-ריקי! קיקי-ריקו!

אַ מאַך מיט דער האַנד
און ניטאָ מעהר קיין וואַנד
צווישען נעכטען און היינט,
צווישען וואָס־איז און וואָס־שיינט.
און צווישען הין־און־צוריק
וואַרף איך אַ בריק
פון זשעסטען געקאָוועט, פון קלאַנגען געהאַמערט,
מיט׳ן שפּיציגען וואָרט פעסט צוגעקלאַמערט,
און טענער און פאַרבען און גרימאַסען אָהן־צאָהל;
און איבער דער בריק אין לאַנד־פון־אַמאָל.
אָט־דאָרט וואַרט אויף אייך אַ מיראַזש
צובלאָזען, צוכשופ׳ט פון דעם ביסעלע אַש,
ווייל דאָס ביסעלע אַש איז אַ גראַפען־קינד —
פאַרברענט געוואָרען פאַר אונזערע זינד
איז אַברהם בן אברהם — אַ גר־צדק געווען — — —
האַלט! נור ניט פאַר די קלעזמער געהן!
און איידער הערען איז סתם בעסער זעהן.
נו! קיקי־ריקי! קיקי־ריקיק!
מיט׳ן רעכטען פוס, אַרויף אויף דער בריק!
אָט־זעהט! אָט־זעהט! אָט־קומט דער מיראַזש —
מיין אַש ווערט לעבען און דאָס לעבען — אַש, אַש, אַש!

ערשט בילד

# אור כשדים

פערזאָנען:

דער גראַף
די גראַפינע
וואַלענטין, זייער זוהן
פעליציאַ
יאַן, וואַלענטין'ס חבר
פראַטער איגנאַציוס, הויף־גלח
פּאַוועל, וואַלענטין'ס דיענער
דאָניאַ, גראַפינע'ס דיענסטמיידעל
מאַרושאַ, פעליציאַ'ס דיענסטמיידעל

## אור כשדים

(אין גראַפישען שלאָס. — וואַלענטין'ס צימער).

פּ אַ ו ו ע ל : (פּוצט אַ ביקס) אַט אַזוי! אויסגעשמירט מיט חזיר־שמאַלץ פון אינווענינ; אַבגעגלאַנצט פון אויסענווענינ; קאַלבע — ריין; שלאָס — פעסט; (הויבט אויף ביקס צום אַקסעל און ציעלט) האַמער לייכט. יאָ. זי וועט שוין שיסען. ער האָט ניט קיין הנאה פון דער יאַגד, זאָגט ער. סיידען פּאַוועל אַליין גרייט איהם צו די ביקס. נו, אויב ער זאָגט אַזוי — — —

(ביידע טהירען, רעכטס און לינקס, עפענען זיך גלייכצייטיג).

ד אַ נ י אַ : (לינקס) די גראַפינע וויל זעהן דעם יונגען גראַף.

מ אַ ר ו ש אַ : (רעכטס) פרייליין פעליציאַ וויל זעהן דעם יונגען גראַף.

פּ אַ ו ו ע ל : זעה נור! ביידע מיט אַמאָל. הייסט עס, דער שפּעקטאַקל פאַנגט זיך אָן.

ד אַ נ י אַ און מ אַ ר ו ש אַ : (אינאיינעם) וואָס זאָל איך זאָגען מיין הארינטע?

פּ אַ ו ו ע ל : וואָס האָט די גנעדיגע גראַפינע אַזוי קיין צייט ניט, דאַניאַ? קוים אַ שטונדע וואָס זי איז געקומען צו־פאָהרען און קעהרט שוין וועלטען. זי ווייסט שוין?

ד אַ נ י אַ : איך ווייס ניט צי זי ווייסט שוין. זי וויל זעהן דעם יונגען גראַף.

פאוועל: ווען דו האסט שכל, דאניא, זאגסטו איהר אז איהר טייערער וואליוש איז ביי זיין ליובאוויצע און קלעפט איהר חן-פלעסטערלאך אויפ'ן האלז-און-נאקען. (לאכט).

מארושא: ס'איז א ליגען.

פאוועל: (לאכט) אמת. און דו, מארושא, זאג דיין הארינטע אז די מאמע זיינע איז נור־וואס אנגעקומען און האט איהם גלייך פארשפארט ביי איהר אין צימער. זי חזר'ט מיט איהם איצט די פאצירעס אלס א שטראף פאר ברענגען צופיהרען אהער א ליאלקע אין א טערקישען שלאף־ראק.

דאניא: אויך א ליגען.

פאוועל: אודאי ליגען; אבער שעהן. מ'דארף פרעה־ליך מאכען דא אין אלטען שלאס.

דאניא און מארושא: (אינאיינעם) אבער וואס זאל איך זאגען מיין הארינטע?

פאוועל: (ציהט מיט די פלייצעס) נו, זאגט'זשע דעם אמת. ער איז אויף יאגד.

דאניא און מארושא: און ווען קומט ער צוריק?

פאוועל: געה וויים. מעגליך די מינוט און מעגליך — איבערמארגען. (הינט האווקען אין דרויסען) שא! הער נור! (טהוט א קוק אין פענסטער) די ווייבער האבען מזל. אט קריכט ער דארט ארונטער פון פערד.

דאניא און מארושא: דו זאלסט איהם זאגען. הערסט? (ביידע אב).

פאוועל: זאגען, הא? — — — גלייבער וואלט גע־ווען זאגען. זאל דער שפעקטאקעל זיך אנפאנגען וואס פריהער. און צוריקגערעדט — צו וואס זאגען? זיי וועלען שוין אליין קומען נאך איהם. (עפענט די טהיר ליגקס) שוין צוריק, זעה איך. הא? נו, געהאט עפעס מזל היינט?

(וואלענטין און יאן, מיט ביקסען און יאגד־טאשען, קומען אריין).

וואלענטין: מזל? איך? (פויזע) די לבנה האָט געהאנגען ניעדריג אין הימעל ווען איך בין געבוירען געוואָרען. ניט אמת, יאַן? (גיט פּאַוועלען ביקס און יאַגד־טאַש; בײַט די קליי־דער) באַ! אומזיסט פאר'חזיר'ט די ביקס, פּאַוועל. אומזיסט.

פּאַוועל: שוין גאָרניט אומזיסט. אַט איז דאָך אַ האָזעל אין טאַש. (שלעפּט עס אַרויס).

וואלענטין: (לאַכט) יאָ, אַ האָזעל אין טאַש. צוויי מענשען מיט צוויי ביקסען און געבראַכט — אַ האָזעל אין טאַש. (נעהמט דאָס האָזעל) יאַן, טהו נור אַ קוק אויף די פאַרקאַטשעטע ליפּען. דו זעהסט? איך וואָלט געשוואוירען אַז דאָס האָזעל שמייכעלט. ס'טראַכט זיך אַזוי: וואָלט איך געוועזען געהאַט אַ ביקס, וואָלטען וואלענטין און יאַן אַ צווייטען מאָל ניט געגאַנגען אויף יאַגד — — —

יאַן: הער אויף קראַקען, וואליוש. און אַז מען איז ניט קיין גוטער יעגער, איז וואָס? דערלאַנג דעם קאָניאַק, פּאַוועל.

וואלענטין: יאָ, דעם קאָניאַק. גערעכט. און אַז מען איז ניט קיין גוטער יעגער, איז וואָס? צו דיין געזונט, יאַן! (זיי טרינקען) און וואָס, ליעבער יאַן, בין איך יאָ אַ גוטער? האָ? (פּויזע) אפשר אַ גוטער זוהן? נו, פרעג די ליעבע מאַמאַ. (פּויזע) אָדער כאָטש אַ גוטער ליובאָווניק? נו, פרעג פּעליציאַ'ן. צו אפשר אַ גוטער — — — (פּויזע) דו, האָזעל — (טרייסעלט עס) — דו מיט דעם שמייכעל פון יענער וועלט פאַרפרוירען אויף דיינע ליפּען! אפשר וואָלטען מיר זיך בייטען? האָ, בייטען?? — —

יאַן: (שפּרינגט אויף) צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! הער אויף! מיך דראָשעט ווען דו הויבסט אָן זינגען דיינע צווינטער־ליעדלאַך.

וואלענטין: (לאַכט) נו, גוט. הער איך אויף. פאַר־האָן עפּעס נייעס, פּאַוועל?

פּאַוועל: נייעס? (פּויזע) ניין. דאָס הייסט — יאָ. דער גראַף מיט דער גראַפינע זיינען — —

וואלענטין: ניט צוריקגעקומען?

פ א ו ו ע ל : יאַ צוריקגעקומען. מיט אַ שעה־צוויי צוריק. וואָס קען מען טהון?

וו א ל ע נ ט י ן : (לאַכט) גאָרניט. און זיי זיינען מסתם געזונט און שטאַרק? (פויזע) יאָ, דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז מיר וועלען דאָ האָבען אַ שטיקעל שקאַנדאַל צוליעב פּעליציאַ'ן.

י א ן : איך האָב דיך געוואָרענט. דו קענסט דיין גנעדיגע מאַמאַ זעהר גוט.

וו א ל ע נ ט י ן : נו, אַזוי איז אַז מ'האָט קיין מזל ניט. אָרימע פעליציאַ. זי וועט שוין נעבאַך מוזען ווייטער וואַנדערען. (זיפצט) יאַ, יאַ.

י א ן : דו, וואַליוש — וואָס איז דער חלוק? פריהער, שפּעטער — זאָל זיין פריהער.

וו א ל ע נ ט י ן : אויך גערעכט. זאָל זיין פריהער. פּאַוועל, זעה נור ווער ס'קלאַפּט אין טהיר?

פ א ו ו ע ל : (פון טהיר) פּראָטער איגנאַציוס.

וו א ל ע נ ט י ן : דער בעסטער סימן אַז די מאַמאַ איז אין דערהיים. שיק איהם אַריין.

א י ג נ א צ י ו ס : (קומט אַריין) גאָטס ברכה אויף אייך, מיינע יונגע פריינד. איך וואָלט זעהר ניט וועלען שטערען. ס'איז ניט מיין טבע. נור אַזוי ווי — — —

וו א ל ע נ ט י ן : — — — די גנעדיגע גראַפינע האָט געבעטען, זיינען מיר געוועזען געצוואונגען — — —

א י ג נ א צ י ו ס : — — — ניין, ניין! ניט געטראָפען. מיין שאַרפזיניגער פריינד. איך קום ניט פון דער גנעדיגער גראַ־פינע, נור פון דער הייליגער קירכע אַליין.

י א ן : אויב אַזוי, מוז מען זיך שטאַרקען מיט נאָך אַ גלע־זעל קאָניאַק. (טרינקט).

א י ג נ א צ י ו ס : מעג איך בעטען אַ ביסעל אין ערנסטערן טאָן ווען מ'רעדט וועגען דער הייליגער קירכע? יאַ? זעהר גוט. נו, ליעבער וואַלענטין, דאָ האַנדעלט זיך וועגען זעהר אַ דעלי־

קאַטנעם ענין. יאָ. דער עהרווירדיגער ערץ־בישאָף פון טאַרנאָוו —

י אַ ן : דער עהרווירדיגער ערץ־בישאָף פון טאַרנאָוו? סאַקראַמענט! ווייסט ער שוין אַז פּעליציאַ געפינט זיך דאַ אין שלאָס?

א י ג נ אַ צ י ו ס : ער ווייסט.

ו ו אַ ל ע נ ט י ן : די הייליגע קירכע האָט אַ ווייט אויג. ניט אמת, פּראַטער איגנאַציוס?

א י ג נ אַ צ י ו ס : יאָ. זי האָט אַ ווייט אויג און — אַ שטאַרקען אָרעם. ווי איך פאַרשטעה, איז דאָס פרייליין פעליציאַ דעם ערץ־בישאָף'ס אַ וויכאָוואַנקע. דוכט זיך, אַ פּלימעניצע.

י אַ ן : (צולאַכט זיך) ווייס איך וואָס? זיי זיינען סתם נאָהענטע מענשען. זעהר נאָהענט!

ו ו אַ ל ע נ ט י ן : העראויף, יאַן. נאָך וואָס זוכען זינד וואָס קיינער וויל ניט באַהאַלטען. אַ כלאָפּישע געוואוינהייט, ברודערקע. און וואָס פאַרלאַנגט דער ערץ־בישאָף, ליעבער פּראַטער?

א י ג נ אַ צ י ו ס : מ'זאָל איהם צוריקשיקען זיין וויכאָוואַנקע. און טאַקי באַלד.

ו ו אַ ל ע נ ט י ן : מיט פאַרגניגען. דאָס הייסט אויב די וויכאָוואַנקע וועט וועלען. אָט וועלען מיר זעהן. ענטשולדיגט. (געהט צו צו דער טהיר, רעכטס, און קלאַפּט) פעליציאַ! פעליציאַ! (עפענט ליוכט די טהיר).

פ ע ל י צ י אַ : (פון אינוועניג) ווער איז דאָרט? וואַליוש? (קומט צו צו דער טהיר) וואָס פלוצלינג קלאַפּסטו? קום אריין. (שטרעקט אויס איהר נאַקעטען אָרעם נאָך איהם).

ו ו אַ ל ע נ ט י ן : ניט איך: די הייליגע קירכע וויל דיך איצט זעהן. (ציהט זי אַריין אין צימער).

פ ע ל י צ י אַ : (אין נעגליזשע) די הייליגע וואָס? (קוקט זיך אַרום).

ו ו אַ ל ע נ ט י ן : דאָס איז פּראַטער איגנאַציוס, ליעבע

פעליציא. ער איז דער פארטרעטער פון דער הייליגער קירכע אין מיין פאטערליכען שלאס. געקומען איז ער צו דיר — — —

פעליציא: לאז מיך פיהלען דיין אטעם, וואליוש. יא. קאניאק! זיך אנגעטרונקען ווי א כלאפ און שלעפט מיך אין שלאפראק צו זיינע געסט. חזיר!

וואלענטין: טאקי געטרונקען אבער ניט אנגעטרונ־קען, ליעבינקע. און איצט הער אויס: די הייליגע קירכע וויל דיך צוריק אונטער איהרע געבענשטע פליגעל. זי וויל אז דאס פאר־בלאנדזשעטע שעפעלע זאל זיך אומקעהרען — — —

פעליציא: אומקעהרען? וואוהין אומקעהרען? (צו איגנאציוס) איהר האט מיר עפעס צו זאגען?

איגנאציוס: ענטשולדיגט. ס'איז מיר שווער — איך מיין, ס'איז ניט אנגענעהם זיך צו מישען אין זאכען וואס — — נו, יא. אבער דער עהרווירדיגער ערץ־בישאף פון טארנאוו ווייסט אז איהר געפינט זיך דא און ער פארלאנגט אז איהר זאלט צוריקפאהרען — —

פעליציא: (שיסט אויס אין א ווילדען געלעכטער) דער אלטער גאנער! כא, כא, כא! וואס'זשע, ער קען נעבאך ניט קריגען קיין אנדערע ליובאוויניצע? כא, כא, כא!

איגנאציוס: (פינסטער) איך מוז אייך בעטען, פריי־ליין פעליציא, צו זיין פארזיכטיג.

פעליציא: וואליוש, הער נור ווי ער סטראשעט! (קרומט איהם איבער) „איך מוז אייך בעטען צו זיין פארזיכטיג". געהערט? דער אלטער אליין איז גארניט אזוי פארזיכטיג. פלעגט זיך מיט מיר ארומפיהרען אומעדום; מיך אפילו מיטגענומען קיין רוים.

איגנאציוס: מיט אייער ערלויבניש, פריילין פע־ליציא. עס וועט דאך זיין בעסער פאר אונז אלע איהר זאלט צוריקפאהרען.

פעליציא: (עקספלאדירט) זאלען צעהן רויטע רוחות

זיך באַזעצען אין זיין באָבע׳ס שוים ! צו וועמען זאָל איך צוריקפאָה־רען, צו וועמען ? צו׳ן אַן אַלטען גלח וואָס שוויצט און פּראַכט אַז מ׳קען משוגע ווערען. וואַליוש, איך וועל זיך פריהער הענגען. דו הערסט ?

וואַלענטין: (זיפצט) יאָ. איך הער.

איגנאַציוס: נו, וואָס נאָך קען איך טהון ? איך געה. אָבער זאָגען וויל איך אייך, פריילין פעליציאַ, אַז דאָ אין שלאָס וועט איהר ניט קענען בלייבען. אונזער ליעבער וואַלענטין ווייסט אַז זיין גאָטספּורכטיגע מאַמע וועט דאָס ניט פאַרטראָגען. (פאַר־נייגט זיך; אָב).

פעליציאַ: די שוואַרצע וואָראָנע ! זאָל איהם גאָט נעהמען צו זיך. (זעצט זיך אַוועק אויף דעם דיוואַן — אַ ברוגז׳ע, אַ באַליידיגטע).

יאַן: (שפּאַנט אויף־און־אָב) ס׳פּאַנגט זיך אָן, וואַליוש.

וואַלענטין: דאָס איז בלויז געוועזען דער פּראָלאָג. די אמת׳ע טראַגעדיע וועט מסתם באַלד נאָכקומען אין דער גע־שטאַלט פון דער ליעבער מאַמאַ. יאָן, צו דיין געזונט ! (זיי טרינ־קען) נעהם אַ ביסעל קאָניאַק, פעליציאַ, און שטאַרק זיך. דו האָסט נאָך מיט מיין מאַמאַ קיינמאָל קיין באַגעגעניש ניט געהאַט.

פעליציאַ: (בייז) ניין, ניט געהאַט און וועל ניט האָבען אויך. איך וויל ניט הערען וואָס זי דענקט וועגען מיר. איך ווייס אַליין. (זיפצט) יאָ, אַז מ׳לעבט לערנט מען.

יאַן: אַ שטייגער וואָס, ליעבע פעליציאַ ?

פעליציאַ: אַז מ׳טאָר ניט נעהמען ליובאָווניקעס מיט מאַמעס. שוין בעסער אַן ערץ־בישאָף.

וואַלענטין: יאָן, די הייליגע קירכע האָט אונז דאָך באַזיעגט. ווען פאָהרסטו, פעליציאַ ?

פעליציאַ: היינט. באַלד ! איך געה זיך אָנטהון. (געהט צו צו איהם און זעצט זיך אויף זיין שוים) — און דו, וואַליוש, פאָהרסט מיט מיר.

וואלענטין: יאָ, די קירכע האָט אונז ניט באַזיגט. (גלעט זי) נו, אַז דו ווילסט דוקא, וועל איך פאָהרען. (פויזע) נור וואוהין? און וואוהין וועלען מיר פון דאָרט פאָהרען?

פעליציא: נאַרעלע! (קושט איהם) נור דו בויערסט דעם קאָפּ. וואוהין? און צו וואָס? און וואָס וועט זיין דערנאָך? ס'וועט זיין און פאַרטיג. (פויזע) וואַליוש, דו האָסט אַזוינע קיהלע הענט און אַזוינע טרויעריגע אויגען. (טוליעט זיך צו איהם) דו ווייסט? דו ביזט ביי מיר דער ערשטער; דער ערשטער וועמען איך האָב ליעב.

וואלענטין: אָרימע פעליציא.

פעליציא: איך ווייס אַז אַזוינער ווי מיר גלויבט מען ניט. אָבער איך שווער דיר, וואַליוש —

פאַוועל: (עפענט די טהיר) דער גנעדיגער גראַף און די גנעדיגע גראַפינע!

פעליציא: טשאָרט! (שפּרינגט אויף) הײם פאַקען. היינט ביינאַכט, וואַליוש. דו הערסט? (אָב).

(גראַף און גראַפינע קומען אַריין).

וואלענטין: (געהט זיי אַקעגען) ליעבע מאַמאַ, ליעבער פּאַפּאַ — (וויל האַלזען די גראַפינע).

גראַפינע: ריהר מיך ניט אָן, וואַלענטין. (פויזע) פון דיר שפּירט זיך ביליגער פּאַרפום. לייכט צו טרעפען ווער ס'איז נעבען דיר געזעסען איידער מיר זיינען אַריינגעקומען.

גראַף: די מאַמאַ איז גערעכט, וואַליוש. (ציהט מיט די נאָזלעכער) יאָ, ביליגער פּאַרפום. זעה אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל דיין מיידעל קויפען בעסערען. יאָ?

וואלענטין: אַ דאַנק פאַר אַ גוטער עצה, פּאַפּאַ. מעג איך בעטען זיצען?

גראַפינע: איך בין ניט געקומען צו דיר אין גאַסט. וואַלענטין. איך וועל דאָ שנעל פאַרטיג ווערען. פראַטער איגנאַציוס האָט מיר געשריעבען אַז דו האָסט געוואַגט צו — — — —

גראַף: כאַפּ אָפּ דעם אָטעם, טייערע. (זעצט זיך) ליעבער וואַליוש, דו פאַרשטעהסט דאָך אַז איך בין דאָ ניט מעהר ווי אַ נייגעריגער צושויער.

גראַפינע: איך ווייס; זעהר נייגעריג. אַ דאַנק דער הייליגער מוטער וואָס דו ביזט בלויז מיין מאַן. ער אָבער איז מיין זוהן. איך וויל ניט אַז ער זאָל קרעציג ווערען אַזוי ווי —

וואַלענטין: (ווערט בלייך) מאַמאַ! ווי קענסטו — — — ?

גראַפינע: דו ציטערסט. דו ווערסט בלייך פון אַ וואָרט. דיין אויער איז צו דעליקאַט דאָס צו פאַרטראָגען. אָבער ברענגען צו פיהרען אין שלאָס אריין אַ וואולגארע קורטיזאַנקע און מאַכען פון מיין היים אַ — — —

גראַף: אַן ערץ־בישאָף׳ס קורטיזאַנקע, טייערע; ניט פאַרגעסען!

וואַלענטין: (צולאַכט זיך) דער פּאַפּאַ איז דאָך גע־רעכט. איך האָב, אַזוי־צו־זאָגען, געראַטעוועט די הייליגע קירכע פון מאָראַלישער געזונקענהייט.

גראַפינע: גאָט מיינער! און דאָס איז קוים צוויי־און־צוואַנציג יאָהר אַלט. הער, וואַלענטין, דו ביזט ביי מיר אַז איינציגער. דאָס לעצטע ביסעל ליעבשאַפט וואָס איז אין מיר גע־בליבען, האָב איך דיר אָוועקגעגעבען. אָבער איך שווער דיר אַז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך אויף דיר יעדען טאָג בעטען — דעם טויט!

גראַף: (שפּרינגט אויף) סאַקראַמענט! ווייב!

גראַפינע: דו? וואָס ביזטו צו איהם? און וואָס ביזטו צו מיר? (לאָזט זיך צו דער טהיר).

וואַלענטין: מאַמאַ, זי וועט היינט פאַרלאָזען דעם שלאָס.

גראַפינע: (דרעהט זיך אוים) נו — און דו?

וואלענטין: איך? (פויזע) איך — — — איך וועל בלייבען דא.

גראפינע: איך וועל ווארטען אויף דיר מיט איבער־בייסען מארגען אין־דער־פריה. (אב).

גראף: (גיסט זיך אן א גלעזעל קאניאק) וואליוש, אט אזוי ווי א פריינד צו'ן א פריינד — דו ביזט א פארעד. צו דיין געזונט! (טרינקט).

וואלענטין: רעד, רעד, פאפא. דיינע באלויכטונגען זיינען תמיד אינטערעסאנט.

גראף: ניטא וואס צו ריידען, וואליוש. דו ביזט יונג און אהן ערפאהרונג. יא. און דאצו פעהלט דיר אויך די הויפט־באדינגונג פאר אן ערפאלגרייכער אוואנטיורע.

וואלענטין: א שטיינער, ליעבער פאפא?

גראף: דיר פעהלט א ווייב. ווארים האסטו א ווייב ווערסטו מעהר פארזיכטיג, מעהר ערפינדעריש און אריגינעל אין דיינע מעטהאדען. די געליעבטע ווייסט גאנץ גוט וואס זי קען ערווארטען פון א באווייבטען ליובאווניק. דאצו איז א ווייב אויך דער בעסטער תירוץ פון איהר פטור צו ווערען. זעהסטו, ווען איך האב אנגעפאנגען — —

פעליציא: (קומט אריין אנגעטהון) אה, ענטשולדיגט וואס איך שטער. וואליוש, וועל איך קענען האבען דיין בריטשקע א שטונדע שפעטער? מארושא פאקט מיינע זאכען.

וואלענטין: פעליציא, איך האב מורא אז דאס־מאל — — —

פעליציא: דארפסט גארניט מורא האבען. דו וועסט עסען איבערבייסען דא מארגען־אין־דער־פריה מיט דיין גנעדיגער מאמא.

וואלענטין: און גארניט?

פעליציא: און גארניט.

וואַלענטין: ערשט פריהער, דאַכט זיך, האָסטו גע־סטראַשעט זיך צו הענגען אויב — — —

פעליציא: צוליעב וועמען? צוליעב דיר? באַ! האָב איך זיך נאָך איין מאָל אַבגענאַרט. איך האָב גערעכענט אַז איך האָב געכאַפּט אַן אַדלער; האָב איך געכאַפּט גאָר אַ האָהן.

גראַף: (צולאַכט זיך) עהרליך פאַרדיענט, וואַליוש. נור איין זאַך מוז איך צוגעבען. געשמאַק האָסטו. פיינעם געשמאַק! דאָס האָט ער פון מיר געקראָגען, ליעב פרייליין.

פעליציא: האַ? (שמייכעלט פאַרפיהרעריש) איהר זענט זעהר גאַלאַנט, העררר גראַף. זעהר!

גראַף: שעהנע פרויען האָבען שוין אַזאַ ווירקונג אויף מיר. אַ וואַרימער בליק פון זייערע אויגען און אין מיר בליהען אויף די שעהנסטע לעבענס־בלומען. (געהט צו נאָהענטער צו איהר) מעג מען פרעגען וואוהין איהר פאָהרט פון דאַנען?

פעליציא: (זיפצט) איך ווייס נאָך ניט. מעגליך קיין טאַרנאָוו און מעגליך — — —

גראַף: אויב איהר ווייסט נאָך ניט, וועט איהר מיר ערלויבען אייך העלפען אויסקלייבען אַ פּאַסענדען פּלאַץ, אַ באַ־קוועמען. מיר קענען דאָס איבערעדען גאַנץ געמיטליך.

פעליציא: (אונשולדיג) אויב איהר ווילט אַזוי גוט זיין און אריינקומען אין מיין צימער — —

גראַף: (קושט איהר די האַנד) מיט פאַרגניגען, פרייליין פעליציאַ. (ביידע אָב).

יאַן: (וואָס איז געזעסען אין אַ ווינקעל און זיך געשפּיעלט מיט דער ביקס) וואַליוש!

וואַלענטין: רעד ניט, יאַן. ווי גאָט איז דיר ליעב.

יאַן: ניין! אָבער — לאָמיר ארויסגעהן אויף דער פריי־שער לופט.

וואַלענטין: דיך שטיקט דאַ די לופט? האַ? מיך

אויך, יאַן. אָבער איך קען ניט אַנטלויפען. (קלאַפּט זיך אין דער ברוסט) אָט דאָ! אָט דאָ איז דער אָבגעקאַלעכטער קבר.

י א ן: הער אויף, וואַליוש. דו רייסט שוין ווידער פּאַסען פון דיר אַליין.

וו א ל ע נ ט י ן: (געהט אויף־און־אָב איבער׳ן צימער. ביי דער טהיר, רעכטס, בלייבט ער שטעהן אַ פאַרשטיינערטער. דאַן ווינקט ער יאַן׳ען צו צוקומען. שטיל) דו זעהסט?

י א ן: (דרעהט זיך שנעל אָב) גאָט מיינער!

וו א ל ע נ ט י ן: (פאַרמאַכט שטיל די טהיר. פויזע. ער געהט צו אין ווינקעל, נעהמט די ביקס און טראָגט זי צו צו יאַן׳ען) נו!

י א ן: (שטויסט איהם אָב ווילד) ניין, ניין!

וו א ל ע נ ט י ן: (רוהיג) יאַן, וואַרט האַלטען. דו האָסט מיר צוגעזאָגט.

י א ן: (ציטערט) אָבער — — — ווי קענסטו פאַרלאַנגען — — —? (מיט אָנגעשטרענגטער רוהיגקייט) צום טייוועל! דו נעהמסט די זאַך צו ערנסט. נאָך אַלעמען וואָס האָט דאָ אַזוינס פּאַסירט? איך ווייס ווענען אַ פּרינץ — — —

וו א ל ע נ ט י ן: ניט פאַרעדען די צייהנער, יאַן! דו האָסט געזעהן די צוויי דאָרט? געזעהן? דאָס איז דער שמוץ פון וועלכען איך קום און דער שמוץ צו וועלכען מיך ציהט. די מאַמאַ איז דאָך געדעכט. נאָך קיין צוויי־און־צוואַנציג ניט און שוין קרע-ציג. וואָס? אויף וואָס נאָך זאָל איך וואַרטען? (פויזע) האָב רחמנות, יאַן.

י א ן: נו, גיב אַהער. (נעהמט די ביקס) דאָרט אין ווינקעל. מיט׳ן פּנים צו דער וואַנד.

וו א ל ע נ ט י ן: (פאָלגט; דרעהט זיך אָבער אוים) ניין, מיט׳ן פּנים צום ביקס.

י א ן: (ציעלט; פויזע; דאַן) מיר האָבען נאָך עפּעס פאַר־געסען, וואַלענטין.

וו א ל ע נ ט י ן: וואָס פאַרגעסען, יאַן?

י אַ ן :  אינאייענם גאָט בעטען אַז ער זאָל אונז פאַרגעבען.
(געהט צו צו איהם, נעהמט איהם ביי דער האַנד און פיהרט איהם לאַנג־
זאַם צום איקאָן, וואו ביידע לאָזען זיך אַרונטער אויף די קניעס)
אפשר וועט גאָט אונז ווייזען דעם וועג.
ו ו א ל ע נ ט י ן :  (קאָנוואולסיוו) גאָט, גאָט, גאָט !

(פאָרהאַנג)

צווייט בילד

# דער ברילען-מאַכער

פערזאָנען :

דער ברילען-מאַכער
דער געזעלן
ערשטער סוחר
צווייטער סוחר
וואַלענטין
יאַן

## דער ברילען־מאַכער

(אויפ׳ן לאַפּסקער מאַרק. — קעלער־קראָם אין אַ שטײנערנער מויער; סטעליע, אַ שאַרפער סקליעפ. עט־ליכע טרעפ פיהרען ארויף צו דער מאַסאָווער טהיר. אין פערספעקטיוו, דורך אָפענער טהיר, די אומריסען פון דעם אַלטען טהאָמאַס־קלויסטער. יאַריד־טומעל. קראָם ליידיג חוץ אַ קלײנעם װאַרשטאַט אין געזימס פון אַ ברייטען, ניעדריגען בויגען־פענסטער.)

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : (מיטעל־יעהריג, שוואַרץ־גרויע באָרד, שאַרפע פּנים־ליניעס; זיצט ביים װאַרשטאַט און ארבייט).

ג ע ז ע ל ן : (זקן; אויסטערליש־לאַנגע, ווייסע באָרד מיט אַ שאַרפען שפּיץ; שטעהט אויף די טרעפּ און רופט קונים) — — ברילען־מאַכער! אָט־דאָ איז דער ברילען־מאַכער! ווער דאַרף צום ברילען־מאַכער? קומט אריין! קומט אריין!

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : דיין רופען העלפט היינט ניט, אַלטיטשקער. מ׳קומט ניט.

ג ע ז ע ל ן : מ׳וועט קומען, מ׳וועט קומען. (אין מאַנאַטאַן) אָט־דאָ איז דער ברילען־מאַכער! ווער דאַרף צום ברילען־מאַכער?

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : אפנים קיינער דאַרף ניט. ניטאַ היינט קיין בעלנים אויף אונזער סחורה. ניט קיין תכלית, אַלטיטש־קער, ניט קיין תכלית...

ג ע ז ע ל ן : אודאי ניט קיין תכלית — נור פאַר זיי, פאַר די וואָס קומען ניט. נו שלאָג מיר ניט איבער. מ׳דאַרף רופען. (כלפּי דרויסען) ברילען־מאַכער! ווער דאַרף צום — —

(צוויי סוחרים באַווייזען זיך אין טהיר).

ע ר ש ט ע ר  ס ו ח ר : האָט איהר עפּעס לייטישע ברילען?

און מיט זילבערנע רעמלאך האט איהר?

ג ע ז ע ל ן : (מעסט אפ די צוויי סוחרים מיט זיין בליק און ענטפערט ניט).

צ װ י י ט ע ר ס ו ח ר : וואס קוקט איהר, וואס? ניט געזעהן נאך קיין אידען? נו, ווייזט אייער סחורה. אפשר וועלען מיר — — — (לאזט זיך אריינגעהן).

ג ע ז ע ל ע ן : (פארשטעלט איהם דעם וועג) וואס זוכט איהר דא? הא?

צ װ י י ט ע ר ס ו ח ר : אלע פוסטע חלומות — — — ! וואס הייסט? ברילען זוכען מיר.

ג ע ז ע ל ן : ניטא דא גארניט פון אייערטוועגען. ניטא! דא איז דער ברילען-מאכער און איהר דארפט ניט דעם ברילען-מאכער. געהט אייך געזונטערהייט!

ע ר ש ט ע ר ס ו ח ר : (שפייט אוים) געזעהן אזוינס?! אויפ'ן לאפסקער יאריד קען זיך אפנים אלץ טרעפען. א ברילען-מאכער וואס וויל ניט פארקויפען קיין ברילען. (ביידע אב).

ג ע ז ע ל ן : (ווי פריהער) ברילען-מאכער! ווער דארף צום ברילען-מאכער? קומט אריין! — — —

(װאלענטין און יאן אין קאסטיומען פון װאנדערענדע סטודענטען).

י א ן : (שטיל) אט-דא איז דאס, וואלענטין. אט-איז דער אלטער געזעלן. (צום געזעלן) זאגט נור, פאטער, איז דא די קראם פון ברילען-מאכער?

ג ע ז ע ל ן : דא. (באטראכט די צוויי א פאר סעקונדען; דאן) וועמען זוכט איהר?

י א ן : (ווינקט זיך איבער מיט וואלענטין'ען) דעם ברילען-מאכער זוכען מיר.

ג ע ז ע ל ן : (לאכט) מיר? וואס פלוצלינג „מיר“? (נעהמט אן וואלענטין'ען ביים ארעם) קום אריין, יונגערמאן. (פיהרט איהם ארונטער די טרעפ; צו יאן'ען) וואס שטעהסטו דארט, וואס? פאר-מאך, זיי-מוחל, די טהיר און קום אויך ארונטער.

יאַן: (פאַרמאַכט די טהיר; ביהנע ווערט טונקעלער; דער יאַ־ריד־טומעל הערט זיך בלויז עולה־ויורד׳יק פון צייט־צו־צייט).

ברילען-מאַכער: דאָס ערשטע וואָרט איז דאָס שווערסטע וואָרט. איך וויל דיר דאָס פאַרשפּאָרען. נו, רעד. (פויזע) שווער, האַ? נו, רעד׳זשע ניט וועגען דיר. רעד וועגען מיר. ווי אזוי קומסטו אהער?

וואַלענטין: מ׳האָט מיר דערצעהלט וועגען אייך. די וואָס מ׳האָט פון דאַנען אוועקגעשיקט מיט לעדיגען, צוטראָגען אייך איבער אַלע קרעטשמעס און אַלע איינפוהר-הייזער. זיי פאַרשטעהן ניט אַ ברילען-מאַכער וואָס וויל ניט פאַרקויפען קיין ברילען.

ברילען-מאַכער: (לאַכט) אַ בלבול. ביי מיר קריגען ברילען אַלע וואָס ווילען זעהן בעסער, אָבער ניט די וואָס ווילען סתם ברילען. מיין אַלטער געזעלן דערקענט זיי אויפ׳ן קוק.

געזעלן: (לאַכט) אוראי. כי, כי, כין איך זעה זעהר גוט. יאָ. (צו וואַלענטין׳ען) איך וויל דו זאָלסט וויסען: אַלץ וואָס ער ווייסט, זעה איך; אַלץ וואָס איך זעה, ווייסט ער. דו פאַרשטעהסט?

וואַלענטין: (צוטומעלט) צו וועמען פון אייך צוויי זאָל איך רעדען?

געזעלן: (לאַכט) צו איהם, צו איהם! כי, כי, כין ניטאָ וואָס צו רעדען צו מיר. איך וועל דיך פשוט ניט אויסהערען. (רוקט זיך אָב אין די שאָטענס).

ברילען-מאַכער: נו, רעד.

וואַלענטין: (מיט אָנשטרענגונג) ס׳פאַלט מיר שווער. פוילע שליחים זיינען ווערטער; זאָגען און דערזאָגען ניט. (פויזע) ווער בין איך? וואָס וויל איך? מיר דאַכט זיך אז איך בין ניט אנדערש פון אַלע אנדערע; אַ ציקל פון גליסטונגען און האַלב-דער־פילטע פאַרלאַנגען און בלאָס-בלויע חרטה׳לאַך אויף דעם וואָס איך האָב יאָ געטהון און אויף דעם וואָס איך האָב ניט געטהון. דאָס אייביגע רייסעניש אַרויף און אַראָב.

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : (שמייכעלט) בקצור — א מענש ; נור א ביסעל שארפער.

ו ו א ל ע נ ט י ן : אמאל האב איך זיך געטרונקען אין זינד און געהאלטען אין דערטרונקען ווערען. פלוצלינג האב איך דער-הערט ווי מען רופט מיך : „גיה זוך און ווארף אוועק דיין לעבען זכענדיג". זוך איך שוין יאהרען-און-יאהרען. דורכגעשפאנט די וועלט — צופוס און אויף די שארפע הויקערס פון קעמלען ; זיך געבראטען אין דער זון פון סאהארא און געפרוירען אויף דעם דאך פון דער וועלט. נו, האב איך שוין גע-הערט דעם מועזין רופען די גלויביגע צום געבעט ; שוין געגאפט אויף תפלה-רעדלאך וואס האבען זיך געווירבעלט אין דעם ביטער-קאלטען צפון-ווינד ; שוין אפילו געטראגען, אינאיינעם מיט מאנ-דעל-אויגיגע מיידלאך, בלומען-קראנצען צו גראב-בייכיגע געטער וועלכע האבען אויף מיר געקוקט מיט א לצים-שמייכעל צוגאסען איבער זייערע פעטע פנים׳ער. איך האב זיך גוט צוגעקוקט צו דעם הייליגען מאסקען-שפיעל וואס דער מענש האט געוועבט ארום זיך פון בארג און טהאל און פון הימעל און ערד. שוין געזעהן. אבער הינטער די מאסקען האב איך כסדר געפונען בלויז מיך אליין. און איך אליין בין ניט גענוג. ניין. ניט גענוג.

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : ניין. נאך ניט גענוג. (פויזע) און וואס זוכסטו, יונגערמאן ?

ו ו א ל ע נ ט י ן : איך זוך א באפרייער. (פויזע) איך זוך — — — איך זוך גאט.

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : (שארף) גאט צו א גאט ?

ו ו א ל ע נ ט י ן : איך פארשטעה ניט וואס איהר פרעגט. (שמייכעלט) ארומגעוואנדערט באלד צעהן יאהר און פארשטעה נאך אפילו ניט — — —

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : פשוט. אויב דו זוכסט א הייליג שפיעלכעל פאר דיינע געהויבענע מינוטען אדער א האר פאר וועמען צו ציטערען אדער א באק אויף וועמען ארויפצולעגען דיינע

זינד — דענצמאָל זוכסטו אַ גאָט; עמיצען וואָס זאָל ניט זיין בע־סער פון דיר אַליין. און אַ גאָט איז לייכט צו געפינען. דאַרפסט נור אויסקלייבען.

וואַלענטין: (הויבט אָן פאַרשטעהן) יאָ, יאָ, איך פאַר־שטעה. אַ גאָט, אַ גאָט. (פויזע) שוין אויסגעקליבען און אוועקגע־וואָרפען צעהן מאָל. איך זוך גאָט דעם באַפרייער. וועל איך איהם געפינען?

ברילען־מאַכער: (שווייגט אַ מינוט) ווייס איך ניט. איך בין ניט קיין זעהער. (פויזע) וואַרט אַ מינוט. אַלטיטשקער, וואָס זאָגסטו?

געזעלן: (קומט ארויס פון די שאָטענס) האַ? וואָס זאָג איך? גאָרניט זאָג איך. אפשר וועט דער פסוק עפּעס זאָגען.

ברילען־מאַכער: וואו זאָל איך זוכען, אַלטיטשקער?

געזעלן: דו זוכען? ניט דו. זאָל ער אַליין זוכען. זאָל ער עפענען דאָס ספר. די ערשטע שורה אויף דעם לינקען דף. נו, יאָ.

ברילען־מאַכער: (נעהמט אַרונטער אַ ספר פון פּאָליצע און לעגט עס אויפ'ן וואַרשטאַט) עפען, יונגערמאַן. (וואַלענטין עפענט דאָס ספר און ברילען־מאַכער לייענט) — שש ועושה צדק, בדרכיך יזכרוך; הן אתה קצפת ונחטא — — — —

געזעלן: האַ? (מורמעלט עפּעס שטילערהייט) פאַנגט זיך אָן מיט אַ שין, זאָגסטו? און לאָזט זיך אויס מיט אַן אלף? איז וואָס? (פויזע) אַ שין איז דריי־אין־איינס און אַן אלף איז איינס. האַ? אָנגעהויבען מיט דריי־אין־איינס און וועט אויסלאָזען מיט איינס. אַהאַ! שוין ווידער די אַלטע מלחמה פון דריי־אין־איינס געגען איינס. איז דאָך אָבער איינס לעצט, מיינט דאָס אז איינס וועט מנצח זיין. קלאָהר אַז אחד וועט געווינען די מלחמה. יאָ, יאָ. (פויזע) זעה נור! די צוויי אותיות האָבען זיך צוטאַנצט. אָוואַ! אָט איז „שאַ“ — שטיל הייסט דאָס; און אָט איז „שאָ“ — טראָג איבער הייסט דאָס! און אָט איז „אש“ — פייער הייסט דאָס; און אָט איז „אש“ — אש דער פּועל־יוצא פון פייער הייסט דאָס.

האָבען מיר געזעהן שאַ און שאַ און אש און אש! איז וואָס? גע-
זעהן האָב איך נור וואָס ווייס איך ניט. ווייס איך טאַקי ניט.
(פאַרקריכט צוריק אין די שאָטענס).

וואַלענטין: איך האָב ניט פאַרשטאַנען. אויב ער האָט געזעהן, וואָס האָט ער געזעהן?

ברילען-מאַכער: אָבער איך האָב איהם פאַרשטאַנען. (פויזע) אויב דו ביזט אַ שרעקענדיגער, יונגערמאַן, ראָט איך דיך אויסטהון די וואַנדער-קליידער. געה אהיים, נעהם אַ ווייב און כאָוועַ קינדערלאַך.

וואַלענטין: איך וויל ניט קיין עצה. קענט איהר מיר ווייזען דעם וועג צו דעם וואָס איך זוך?

ברילען-מאַכער: (שטרענג) יונגערמאַן, דו וועסט האָבען אַ מורא'דיגען סוף. דו זוכסט דעם וועג צו גאָט און מענ-שען האָבען פיינט גאָט. ער ליעגט זיי ווי אַ מיהלשטיין אויפ'ן האַלז. ער דערמאָהנט זיי כסדר זייער נישטיגקייט. ווען דו וועסט איהם געפינען, וועלען די מענשען איהם האסען אין דיר. (לאַכט אונהיימליך) צונאַגלען אויפ'ן קרייץ איז שוין אפילו אַ פאַרגעסענער מנהג; אָבער ברענען אויפ'ן פייער איז פונקט אַזוי גוט.

וואַלענטין: איך הער אייך ניט, אַזוי לאַנג ווי איהר רעדט וועגען מיר. ווער בין איך דען? ווער? (פויזע) ווייזט מיר דעם וועג.

געזעלן: (פון די שאָטענס) שוין גענוג, שוין גענוג, ברילען-מאַכער. ענטפער איהם!!

ברילען-מאַכער: ארונטער און ארויף — דאָס איז דער וועג צו גאָט; אַזוי טיעף ארונטער ביז דאָס ווערט ארויף — און ניט אַנדערש. געה און געפין די שפּלידיגע, די טיעף-געזונקענע און ערשט דענצמאָל לאָז דיך ארונטער טיעפער און טיעפער. האָב נור קיין טעות ניט. אין שפּלידיגקייט פונקט ווי אין גרויסקייט איז דאָ אַ סך אויגען-בלענדעניש. האַלט'זשע אָפען די אויגען און געה טיעפער און טיעפער. וויל — ארונטער און ארויף — דאָס איז

דער וועג צו גאָט; אַזוי טיעף אַרונטער ביז דאָס ווערט אַרויף. מעהר ווייס איך ניט.

ו ו א ל ע נ ט י ן : געה איך. ניטאָ מעהר אויף וואָס צו וואַר-טען. (טהוט אָן זיין מאַנטעל) ווען-עס-איז באַ-געגענען, ברילען-מאַכער?

ב ר י ל ע ן - מ א כ ע ר : האַ? יאָ-יאָ. נור אַ פּאָר הונדערט יאָהר שפּעטער אין דעם מאַרך-פינטעלע פון אונזערם אַן אייניקעל. דערווייל געה און זיי מצליח.

ו ו א ל ע נ ט י ן : (לאָזט זיך צו דער טהיר).

ג ע ז ע ל ן : (לויפט איהם נאָך) אברהם, אברהם, וואַרט אַ ווייל.

י א ן : ער הייסט ניט אברהם. וואַלענטין הייסט ער.

ג ע ז ע ל ן : (לאַכט) כי, כי, כין וואַלענטין? חלילה! אברהם, הייסט ער. נו, אברהם, בענטש מיך איידער דו געהסט. (נעהמט וואַלענטין'ס הענט און לעגט זיי אַרויף אויף זיין גרויז-גרויען קאָפּ).

(פאָרהאַנג)

## דריט בילד
# שילער-געלויף

**פערזאָנען:**

די קורילאָפּניטשקע
די עפּעל-אידענע
דער בייגעל-בעקער
דער צרולניק
דער שענקער
יאָסעלע כאַמעטץ
דער קעמעל-שפּיעלער
דער ראש-ישיבה
וואלענטין
יאַן
ערשטער איד
צווייטער איד
ערשטער שילער
צווייטער שילער
דריטער שילער
א ישיבה-בחור
אידען, אידענעס
ישיבה-בחורים, שילער.

## שילער-געלויף

(מאַרק-פּלאַץ פאַר'ן אַלטען בית-המדרש. אַרום ברו־נים, אין מיטען פּלאַץ, די שטעלעכלאַך פון בייגעל-בעק־קער און פון עפּעל-אידענע. רעכטס, דער בית-המדרש. לינקס, אַן איינפוהר-הויז מיט אַ הילצערנעם גאַניק. — קראָמען און שטעלעכלאַך און אידיש באַלעבאַטישקייט אַזוי ווייט ווי דאָס אויג כאַפּט. — שפּעט נאָכמיטאָג. לערן-נגון פון ישיבה-בחורים זשומעט אין שטילערע מאָמענטען. דער מאַרק-פּלאַץ באַוועגט זיך פויל-לאַנגזאַם ווי אין אַ געוועהנליכען נאָכמיטאָג.)

קורילאַפּניטשקע: (צוויי היהנער אין די אָרעמס קומט פון אַ זייטיגער גאַס) אוי! כ'האָב שוין ניט קיין כח צו שטעהן אויף די פיס, זיסעל טייערע.

עפּעל-אידענע: (מאַכט איהר פּלאַץ נעבען זיך) נו, זיצט און רוהט אייך אָב אַ מינוט. זיצט, זיצט.

קורילאַפּנישקע: (זעצט זיך) אַ דאנק. ווי איהר זעהט מיך, זיסעל טייערע, לויף איך אַזוי ארום פון נור-טאָג אָן. און פרעגט וואָס? קוים פאַספּייעט קויפען צוויי היהנער. די באַלעבאָס־טעם לאָזען דען צו? אַז מ'דערזעהט אַ גויה מיט אַ הוהן, שיט מען איהר באַלד אָן די קעשענעס מיט געלד. זאָג איך זיי: ווען איהר לאָזט מיך קויפען, וועט אייך אָסור קאָסטען טייערער און איך וועל אויך עפּעס פאַרדיענען. נור געה רעד צו באַלעבאָסטעס. אַז וועה איז צו מיר.

בייגעל-בעקער: זי זיפצט. געקויפט צוויי היהנער און זיפצט. איך האָב נאָך היינט אפילו קיין גראָשען ניט געלייזט. איך שטעה און שטעה און — גאָרניט.

צרולניק: (קומט צו, קלייבט אויס אַן עפּעל און בייסט איין) אויף חשבון, זיסעל.

עפּעל-אידענע: האָסט מסתם ניט קיין קליין-געלד. נו, זאָל זיין אויף חשבון, אבי געלייזט.

בייגעל-בעקער: נו און אַ בייגעל צום עפּעל, האַ? זעהר געשמאַק. נעהם אַ בייגעל.

צרולניק: אַט האָסטו איהם מיט די בייגעל. בייגעל! זיי טויגען דען? זיי האָבען דען אַ טעם?

בייגעל-בעקער: (כמעט וויינענדיג) פאַרוואָס טויגען זיי ניט, האַ? פאַרוואָס?

צרולניק: (נעהמט אַ בייגעל; ווינקט כיטרע) אַזוינע לעבער מאַכט מען? זיי זיינען דאָך לויטער לאָך. ביי מיין נאמנות.

בייגעל-בעקער: פושע ישראל! זאָל דיר גאָט גע-בען אַ לאָך אין קאָפּ. לעג צוריק דעם בייגעל. דו!

שענקער: (רופט פון גאַניק) בייגעל-בעקער! אַ טוץ פרישע בייגעל. ריהר דיך. (פאַרשווינדט).

בייגעל-בעקער: (כאַפּט זיין קויבערעל און לויפט) גע-לויבט השם-יתברך! אַ דאַנק, אַ דאַנק! (אָב).

עפּעל-אידענע: צו וואָס רייצטו דיך מיט איהם, האַ? ס'איז איהם אַזוי גוט?

צרולניק: דאָס הייסט גערייצט זיך? איך האָב פּשוט ניט ליעב קיין שלים-מזל. שאַ, זעהט נור!

(וואַלענטין און יאַן, געפיהרט פון יאָסעלע כאַמעטץ, קומען אָן).

יאָסעלע: — — — אַט-דאָ איז דאָס, מיינע גנעדיגע העררען. איך זאָג אייך, אַז אַזאַ איינפוהר-הויז איז ניטאָ אין דער גאַנצער שטאָדט. איהר זעהט? פּונקט אין מיטען מאַרק. אַט זיינען די קראָמען און אָט איז דאָס אידישע געבעט-הויז. אַלץ פיין, אַלץ וואויל. דער שענקער איז טאַקי מיינער אַ פריינד און אַז איך וועל איהם נור אַ זאָג טהון אַז די צוויי גנעדיגע הערען זיינען געקומען ווייל איך האָב זיי — — —

צ ר ו ל נ י ק : (כאַפּט מיט שווערער מיה יאָסעלע'ס אויג) דו, יאָסעלע, אַז מ'וועט דארפען צופוצען די בערדלאַך, ווייסטו דאָך — — — יאָ? דו דיינס וועסט קריגען.

י אָ ס ע ל ע : (מיט אַ בליק פון פאַראַכטונג) טרעט אָב, יאָלד! (רופט) רבי שמערקע!

ש ע נ ק ע ר : (קומט ארוים, דערזעהט די געסט און כאַפּט ארונ־טער דאָס היטעל) וואָס ווילען די גנעדיגע הערען — — — ?

י אַ ן : קען מען ביי אייך קריגען אַ זויבערן צימער?

ש ע נ ק ע ר : אַ צימער? נו, אודאי. מיין דריט־שטוב איז אַ ציכטיגע — — —

י אָ ס ע ל ע : (שלאָגט איבער) — — — אַ ליכטיגע, אַ ריינע. איך האָב געזאָגט די גנעדיגע הערען אַז אויב אַ קווארטיר, וועל איך זיי שוין פאַרזאָרגען אַ קווארטיר. איך וויל ביי אייך גאָרניט, האָב איך זיי געזאָגט, נור לאָזט מיך אייך פאַרזאָרגען אַ קוואר־טיר. יאָ.

י אַ ן : נו, אַ שעהנעם דאַנק און באַווייז דיך אמאָל. (דער לאַנגט איהם אַ מטבע).

י אָ ס ע ל ע : איך פאַל צו די פיס און קוש די האַנד. באַ־ווייזען? אודאי וועל איך זיך באַווייזען — אַלע טאָג, צוויימאָל אַ טאָג. פאַרלאָזט אייך אויף יאָסעלע כאַמעטע.

ש ע נ ק ע ר : (הכנעה'דיג) נו, נו, טהוט מיר אָן דעם כבוד און קומט אריין, מיינע גנעדיגע הערען. (פאַרנייגט זיך ביי יעדען וואָרט) איך וועל אייך ווייזען אייער צימער. אַ פיין צימער; ציכטיג, ליכטיג, ריין — — — (אָב מיט יאַן און וואַלענטין).

י אָ ס ע ל ע : (אויפגעלעגט) קיקי־ריקי! קיקי־ריקו! וואו מ'דאַרף איז יאָסעלע דאָ. (לויפט צו צו דער עפּעל־אידענע) אַ קאַ־פּעליוש מיט עפּעל אהער. איך צאָהל. (די עפּעל־אידענע פילט אָן זיין קאַפּעליוש מיט עפּעל). אַנו, קורילאַפּניטשקע, אַן עפּעל. צרולניק, אַן עפּעל. בייגעל־בעקער, אַן עפּעל פאַר דיר און צוויי פאַר די בעמ־

בעקעס. (ליאַרמט) יאָסעלע באַמעטש טיילט עפּעל; ווער וויל עפּעל? (סצענע).

קעמעל-שפּיעלער: (אַן ארחי־ופרחי מיט דעם פּנים פון אַ זיידענעם יונגענמאַן) און וואו בין איך, יאָסעלע? מיר זיינען דאָך עפּעס גוטע ברידער. ניין?

יאָסעלע: עפּעל ווילסטו? האַ? (מיט אַ ווינק) פאַרדין דיר. שפּיעל עפּעס אויף דיין קעמעל.

קעמעל-שפּיעלער: ווייסט דאָך אַז מיך דאַרף מען ניט בעטען. איך וועל דיר זינגען אַ געזאַנג אפילו אָהן אַן עפּעל. זינגען, פאַרשטעהסטו מיך, דאָס איז ביי מיר אַ חיות. נו, זינגען?

אלע: זינגען! זינגען!

קעמעל-שפּיעלער: (זעצט זיך אויפ'ן ראַנד פון ברונים און מאַכט אַ וואַרע; ער לעגט ארויף אַ ציגייער־פּאַפּיר אויף זיין קעמעל און הויבט אָן שפּיעלען דעם מאָטיוו; זינגט)

מיט פאַרצייה און מיט פאַרלויב
פון דעם פיין געזעמעל,
וועל איך אייך אַ ניי געזאַנג
שפּיעלען אויף מיין קעמעל.

אַ ניי געזאַנג, אַ שעהן געזאַנג
— גענוג שוין גאָלע צרות —
זינגען וועל איך פון אידעלאַך
וואָס לעבען ווי די שררות.

ווי די שררות לעבען זיי
אין אַ מדינה גאָר אַ פיינער
פון יענער זייט סמבטיון-טייך
וואָס וואַרפט זעקס טעג מיט שטיינער.

נו, חברה, העלפּט׳זשע צו! יאָסעלע, צרולניק — ווער ס׳קען.
(שפּיעלט די מעלאָדיע אויפ׳ן קעמעל און חברה הויבט אָן מיטזינגען — אָנפאַנג שטיל, דאַן העכער. ישיבה־בחורים באַווייזען זיך אין די פענסטער פון בית־המדרש. וואַלענטין און יאַן קומען אַרויס און זעצען זיך אויפ׳ן גאַניק; קעמעל־שפּיעלער זינגט ווייטער)

פון יענער זייט סמבטיון-טייך
וואָס קאָכען טהוט און זידען,
הויזען רויטע אידעלאַך
אין נחת און אין פרידען.

עסען קוגעל אין מיטען וואָך,
האָבען גאָלע פאַרגעניגען.
דער גרעסטער דלפון דאָרטען האָט
וואָסערע צוויי ציגען.

איי! געראויכערט ציגען-פלייש איז גוט,
געפעפערט און געזאַלצען —
די בייכלאַך ווערען ביי זיי גרויס,
די קעפּעלאַך פאַרשמאַלצען.

די קעפּעלאַך — זיי ווערען טעמפּ
און קענען ניט פאַרטראָגען
אַ אידיש וואָרט, אַ הייליג וואָרט;
אויף עברי שטאַרק געשלאָגען.

און טאָמיר שטאַרבט אַ אידעל דאָרט
— סאַ יאָמער און סאַ קלאָגען! —
אַ בעזדיטניק קומט ער אויף יענער וועלט;
ניטאָ ווער ס׳זאָל קדיש זאָגען.

וואָס'זשע דאַרף איך זיצען דאָ,
פון תעניתים ווערען מאָגער?
אז מ'וואַרט אויף מיר אין סמבטיון-לאַנד
צו ווערען אַ קדיש-זאָגער?

אַ קדיש-זאָגער ווערען דאָרט
און האָבען גרוים הנאה?
דער תירוץ איז: כ'האָב נעבאַך ניט
אַהין אויף דער הוצאה.

אויף הוצאה גיט אַהער!
מיך אַארט ניט וואָס איהר'ט געבען;
אַ גראָשען, אַ גילדען, אַ בייגעל, אַ קניש —
משיח'ן זאָלט איהר דערלעבען.

(דאָס רעדעל ארום דעם קעמעל־שפּיעלער זינגט מיט אין אַלערליי קאַקאַ־פאָנישע קולות, נור מיט אַ היבש־ביסעל התלהבות).

יאָסעלע: (אין עקסטאַז, טאַנצט און וואַרפט מיט די הענט) „אויף הוצאה גיט אַהער, מיך אַארט ניט וואָס איהר'ט געבען; אַ גראָשען, אַ גילדען, אַ בייגעל, אַ קניש — — —

קוריל־אַפּניטשקע: (טהוט פלוצלינג אַ כאַפּ יאָסעלע'ן ביים אָרעם) זעה נור ווער ס'געהט, יאָסעלע!

ראש־ישיבה: (אין ספּאָדעק און ראזעוואולקע קומט אַן; ער געהט לאַנגזאם איבער דעם מאַרק. אַלע בלייבען שטיל און דרך־ארץ־דיג, ביז ער פאַרשווינדט אין בית־המדרש).

צרולניק: דו, יאָסעלע! וואָס שטעהסטו אזוי ווי אַן אויסגעפּאַטשטער? קוק איהם נור אָן.

עפּעל־אידענע: (רחמנות'דיג) ער שעהמט זיך נעבאַך. דאַכט זיך אַ גאַנץ וואוילער יונג און אז ער דערזעהט נור דעם אַל־טען ראש־ישיבה ווערט ער אַ צוטומעלטער. וואָס'זשע, יאָסעלע? ס'טהוט דיר נעבאַך באַנג?

קורילאַפּניטשקע: ס׳מעג איהם שוין גאָר באַנג טהון. זיין מאַמע האָט געצאָהלט שכר-למוד פאַר איהם. און שבת בייטאָג, ווען ער פלעגט זיך געהן פאַרהערען צום ראש-ישיבה, האָט די גאַנצע מצרים-גאַס זי מקנא געווען. און איצט קוקט איהם אָן.

יאַסעלע: (בייז) נו, קוקט, קוקט! (שפּייט אויס) מצרים-גאַס בלייבט מצרים-גאַס. וואָס זאָגסטו, קעמעל-שפּיעלער?

קעמעל-שפּיעלער: איך ווייס? (פּויזע) מ׳קען דער-פון מאַכען אַ שעהן געזאַנג. מ׳דאַרף אַ טראַכט טהון. (רוקט זיך לאַנזאַם אָב).

(וועהרענד דער סצענע דערהערט זיך אַ הוזשעריי אין די אַרומיגע גאַסען; פּלוצלינג הויבען אָן קראַכען שויבען; קינדער יאָמערן; דער שאַרפער קוויטש פון אַ פרוי שניידט דורך די לופט; די מהומה וואַקסט).

קורילאַפּניטשקע: איהר הערט? ווער איז מיר!

צרולניק: אַ פייער!

בייגעל-בעקער: וואָס פאַר אַ פייער, וואָס? אַ געשלעג!

יאַסעלע: (לאָזט זיך געהן) אָט וועל איך אַ קוק טהון.

(פון אַ זייטיגער גאַס קומען צולויפען צוויי אידען).

ערשטער איד: (אָהן אָטעם) ראַטעוועט אייך! ראַטע-וועט אייך!

צווייטער איד: וואָס ווארט איהר, וואָס? אַנט-לויפט! זיי געהן אַהער.

יאַסעלע: ווער איז?

ערשטער איד: די סעמינאַרניקעס, די גלחים׳לאַך.

צווייטער איד: מאָרגען איז חגא, מאַכען זיי זיך היינט שילער-געלויף.

יאַסעלע: אַ רוח אין זייערע טאַטעס-טאַטעס אריין! (כאַפּט אַ פּאַלקע און לויפט. אָב).

(דער מאַרק-פּלאַץ הויבט זיך אָן שנעל אָבלייזיגען, שטעלעכלאַך

פאַרשווינדען, קראַמען פאַרשליסען זיך, פענסטער־לאָדענס ווערען צוגע־
האַקט).

קאָריל אַפּניטשקע: (יאָמערט) וועה איז מיר! מיינע
צוויי היהנער! (לויפט הין־און־צוריק און ווייסט ניט וואו זיך אהינ־
צוטהון).

יאַן: (געהט צו צו איהר) אהער קום מיט דיינע צוויי היה־
נער. (פיהרט זי אריין אין שענק און קומט צוריק ארויס).

עפּעל־אידענע: (נעהמט איהרע צוויי קוישען עפּעל און
שלעפּט זיך אַ מידע צום בית־המדרש צו; נור איידער זי דערגרייכט די
טהיר, קומט אָן אַ גרופּע שילער מיט אַ געשריי און אַ געפּילדער פיה־
רענדיג דעם יאָמערדיגען בייגעל־בעקער פון אַ זייטיגער גאַס).

ערשטער שילער: עפּעלאַך! עפּעלאַך! לאָמיר כאַפּען
די מכשפה מיט די עפּעלאַך!

צווייטער שילער: (פאַרלויפט איהר דעם וועג) אהאַ!
לויף ניט אזוי! די עפּעל אהער!

עפּעל־אידענע: (קוקט אויף איהם אַ מינוט און שאַקעלט
מיט'ן קאָפּ; דאַן) נאַ דיר די עפּעל. (שילער שיסען אוים אין אַ גע־
לעכטער; די עפּעל־אידענע פאַרשווינדט).

דריטער שילער: (צום בייגעל־בעקער) דו זעהסט,
האַ? זי האָט אוועקגעגעבען די עפּעל, האָט מען איהר גאַרניט גע־
טהון. נו, גיב אהער די בייגעל — מיט גוטען.

בייגעל־בעקער: (יאָמערט) האָט גאָט אין הארץ,
מיינע הערעלאַך. איך פאַל צו די פיס. איך בין — —

שילער: (אין כאָר) — — — אַן אָרימער מענש! אַן אָרי־
מער מענש! (לאַכען).

ערשטער שילער: (מיט אַ כיטרע ווינק) וואָס לאַכט
איהר, וואָס? ער איז דאָך אַן אָרימער מענש. לאָזט איהם אָב.
נו, אנטלויף. אָבער — גיך. נו!

בייגעל־בעקער: (לאָזט זיך לויפען; איינער פון די

שילער שטעלט איהם אונטער אַ פיס; ער פאַלט און צװיאַמערט זיך אויפ'ן קול צװישען דעם הילכיגען געלעכטער פון די שילער).

צ װ ײ י ט ע ר  ש י ל ע ר: איך האָב אַ פײנעם געדאנק, חברה. שאַ! שטיל זאָל זײן! (טראָגט איהם אונטער אַ עפּעל) לאָמיך זעהן װי גוט דו קענסט ציעלען. אויב דו טרעפסט פונקט אין אַ שויב אַרײן אַט דאָרט אין דײן געבעט הויז, טהון מיר דיר גאָרניט. נו, שים!

ש י ל ע ר: (ליאַרמען) אַן אײנפאַל! אַ געדאַנק! בראַװי־סימאָ!

ב י י ג ע ל - ב ע ק ע ר: גנעדיגע הערעלאַך, װאָס װילט איהר פון מיר? פאַרװאָס זאָל איך ברעכען שויבען אין בית־המדרש? די הענט װעלען מיר דאָך אָבגעלעהמט װערען! איך בעט אײך — —

ע ר ש ט ע ר  ש י ל ע ר: פאַרכעװאַטע איד, טהו װאָס מ'הייסט דיר.

ב י י ג ע ל - ב ע ק ע ר: (צוטומעלט) אָבער פאַרװאָס זאָל איך ברעכען שויבען אין מײן בית־המדרש? פאַרװאָס?

ד ר י ט ע ר  ש י ל ע ר: ער װיל טאַקי ניט, הא? לאָז נור מיך צו צו איהם. (זעצט זיך אַװעק נעבען איהם) דו װעסט אויס־קלאַפּען די שויבען צו נײן? נײן? (טהוט איהם אַ כאַפּ ביי דער באָרד און צופּט איהם אויס אַ פּאָר האָר).

ב י י ג ע ל - ב ע ק ע ר: געװאַלד, אידען, ראַטעװעט! האָט רחמנות! (שילער רינגלען איהם אַרום און צופּען זײן באָרד מיט אַ קאַניבאַלישער הנאה) לאָזט מיך אָב, גזלנים. איך װעל צוברעכען די שויבען. לאָזט מיך אָב!! (טהוט אַ װאָרף דעם עפּעל; אַ שויב קראַכט).

י אָ ס ע ל ע: (קומט צולויפען אַ פאַרשמײעטער) לײדאַקעס! ראַזבוינִיקעס! מיט מיר, מיט מיר שלאָגט אײך. איך װעל אײך װײזען װאָס שלאָגען הייסט.

ש י ל ע ר: (לאָזען אָב בײגעל־בעקער און כאַפּען זיך צו יאָסע־לע'ן. ער ראַנגעלט זיך מיט זײ, לעגט צװײ אַװעק אויף דער ערד און װעהרט אָב די אַנדערע מיט זײן פאַלקע).

ר א ש - י ש י ב ה : (באַווייזט זיך אין טהיר, נאָכגעפאָלגט פון אַ צאָהל ישיבה־בחורים).

אַ י ש י ב ה - ב ח ו ר : רבי, זיי האָבען געכאַפּט יאָסעלע׳ן. זיי ווע‍לען איהם נאָך דערהרג׳ענען. (לאָזט זיך געהן).

ר א ש - י ש י ב ה : אַהער קומ! (צו די אַנדערע ישיבה־בחורים) איהר זאָלט אייך ניט ריהרען פון פלעק. איהר הערט? (ער אַליין געהט צו, שלאָגט זיך דורך אַ וועג אין דער געשלעגערייַ און נעהמט אָן יאָסעלע׳ן ביים אָרעם) יאָסעלע, הער אויף.

ש י ל ע ר : (פאַלען אָב רעכטס און לינקס ווען זיי דערזעהן דעם גרייז).

י אָ ס ע ל ע : (ווייגט פון פאַרדרוס) זעהט וואָס זיי טהון אונז, רבי.

ר א ש - י ש י ב ה : דאָס זיינען ווילדע קינדער, יאָסעלע, און מיר זיינען דערוואַקסענע מענשען. עס וועט זיי אויך אמאָל דער כעס איבערגעהן.

י אָ ס ע ל ע : אָבער ווי קען מען דאָס אַלץ צוזעהן? האַ? ווי קען מען איבערטראָגען?

ר א ש - י ש י ב ה : מיר קענען. היט דיך פאַר דער פאַלקע, יאָסעלע. זי וועט אונז נאָך אמאָל אריינשלעפּען אין אַ צרה. קום אין בית-המדרש אריין און וואַש דיך אָב. (זיי געהן לאַנגזאַם אָב. די שילער זיינען שוין פאַרשוואונדען; דער בייגעל־בעקער זיצט אויף דער ערד אַ פאַרשטיינערטער און קוקט אויף דער אויסגעבראָכענער שויב. דער מאַרק איז שטיל. די נאַכט איז צוגעפאַלען).

וו א ל ע נ ט י ן : (באַווייזט זיך אין טהיר פון איינפוהר־הויז; מיט לאַנגזאַמע שריט שפּרייזט ער אַריבער דעם מאַרק־פּלאַץ. ביי דער טהיר פון בית־המדרש שטעלט ער זיך אָב און קלאַפּט איינמאָל, צווייםאָל, דרייםאָל).

ר א ש - י ש י ב ה : (עפענט די טהיר) וואָס זוכט איהר דאָ?

וו א ל ע נ ט י ן : דעם וועג צו גאָט. (פּויזע) מ׳האָט מיר

געזאָגט אז ביי די שפּל׳דיגע וועל איך איהם געפינען. (פּויזע)
נעהמט מיך אריין, אין נאָמען פון גאָט.

ר א ש - י ש י ב ה : (עפענט ברייט די טהיר דורך וועלכער וואַ־
לענטין פאַרשווינדט).

(פאָרהאַנג)

## פערט בילד

# דער תקיף

פּערזאָנען:

דער שטאָדטישער רב
דער ראש-הקהל
דער קראָקער תקיף
אברהם בן אברהם (פריהער: וואַלענטין)
יוחנן (פריהער: יאַן)
די רביצין
חיה'לע, דעם רב'ס אייניקעל
בערקע, דעם תקיף'ס „רעכטע האַנד“
ערשטער תלמיד
צווייטער תלמיד
פינף פאַלקע-יונגען; תלמידים

## דער תקיף

(די דרױט־שטוב בײם שטאָדטישען רב. — נאַכט. אַ לאָמפּ ברענט אויפ'ן טיש. דער לערן־געזאַנג פון די תלמידים הערט זיך צוואוויילען פון דער בית־דין שטוב).

ר ב י צ י ן : (זיצט בײם טיש און לייענט שטיל דעם „מנורת המאור“).

ח י ה ' ל ע : (שטעהט בײם פענסטער און קוקט ארוים אין דער נאַכט אַריין; פויזע; זי טהוט פלוצלינג אַ ציטער) באָבעניו!

ר ב י צ י ן : וואָס איז, חיה'לע? פאַרוואָס האָסטו אזא ציטער געטהון?

ח י ה ' ל ע : עמיצער האָט אַ קוק געטהון אין פענסטער.

ר ב י צ י ן : עמיצער האָט אַ קוק געטהון אין פענסטער? (געהט צום פענסטער און קוקט אַרוים) ס'האָט זיך דיר געמוזט חלומ'ען, קינד מיינס. ניטאָ קיינער אין אוליצע.

ח י ה ' ל ע : ס'איז יאָ עמיצער געווען. ער האָט אַוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ ווען ער האָט מיך דערזעהן. (פויזע) דו הערסט, באָבעניו? מ'געהט. עמיצער פאַרגנב'עט זיך שטיל.

ר ב י צ י ן : (הערט זיך איין) איך הער גאָרניט, חיה'לע. געה לייען בעסער קריאת-שמע און לעג זיך שלאָפען. שוין באלד האַלבע נאַכט. (גלעט זי) עפּעס ניט גלאַט מיט דיר, קינד מיינס; פאַרחלומ'ט און צוטומעלט און שרעקעדיג. שוין אַ פּאָר וואָכען אזוי און דער באָבע זאָגסטו קיין וואָרט ניט. (סטראַשעט זי מיט'ן פינגער) חיה'לע! חיה'לע!

ח י ה ' ל ע : (שווייגט אַ מינוט) איך וועל וואַרטען אויף דיר, באָבעניו. איך האָב מורא — — — (ס'דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין דער דרויסען־טהיר; אַ פאַרציטערטע) באָבעניו!

ר ב י צ י ן : (געהט צו צו דער טהיר) ווער איז דאָרט? (דאָס קלאַפּען ווערט שטאַרקער) פאַרוואָס געהט איהר ניט דורך דער בית-דין שטוב?

ר א ש - ה ק ה ל : (פון דרויסען) עפענט, רביצין. דאָס בין איך.

ר ב י צ י ן : ס'איז דער ראש-הקהל, חיה'לע. עפּעס נייעס. (עפענט די טהיר).

(ס'קומען אריין דער ראש-הקהל, דער קראָקער תקיף און בערקע).

ר א ש - ה ק ה ל : (אביסעל דערשראָקען) איהר וועט מיר מוחל זיין, רביצין — — נור, פאַר אַלעמען, אַ גוטען אָווענד אייך. מיר האָבען דאָך אייך ניט איבערגעשראָקען? איך ווייס אַז אַזוי שפּעט ביינאַכט איז עפּעס ניט — — נור אַזוי ווי דאָ האַנדעלט זיך מכח — — —

ר ב י צ י ן : וואָס איז געשעהן? און — — ווער זיינען די אורחים — — ?

ר א ש - ה ק ה ל : איך ווייס ניט צו מען מעג ריידען — — דאָס הייסט צו מען קען דערצעהלען — — ווייל געקומען זיינען מיר זעהן דעם רב וועגען אַן ענין וואָס — — —

ת ק י ף : מאַכט ניט אַזאַ לאַנגס און אַזאַ ברייטס, ראש-הקהל. די נאַכט שטעהט ניט. איך אַליין קום פון קראָקע, רביצין. געהערט אַמאָל פון קראָקער תקיף? דאָס בין איך. און איצט זייט אַזוי גוט און בעט דעם רב אריינקומען אַהער. איך מוז איהם זעהן.

ר א ש - ה ק ה ל : חיה'לע, טהו נור אַ רוף דעם זיידען.

ר ב י צ י ן : חלילה! די תלמידים לערנען איצט אין בית-דין שטוב, ראש-הקהל. (שטיל) און חיה'לע איז שוין אַ כלה-מיידעל. איך וועל איהם אַליין רופען. (עפענט די טהיר און שטעקט אַריין דעם קאָפּ) מ'בעט דעם רב זיך מטריח צו זיין אַהער אויף אַ מינוט. (פּויזע) יאָ, אויף אַ מינוט. (דרעהט זיך אויס) אָט קומט ער. (זי מיט חיה'לען פאַרקלייבען זיך אין אַ ווינקעל).

ר ב : (קומט אַריין) וואָס איז געשעהן, רביצין? הא? (דער-

זעהט די אורחים) אַ גוטען אָוועגד אייך, ראש-הקהל. (צום תקיף) ניט קיין היגער, דוכט זיך. שלום עליכם.

ר א ש - ה ק ה ל : דער קראָקער תקיף, רבי. מסתם געהערט פון איהם.

ר ב : דער קראָקער תקיף? געהערט; אודאי געהערט. יאָ, נור וואָס׳זשע פּלוצלינג אַזוי שפּעט ביינאַכט און — דורך דער הינטער-טהיר? אַ נויטיגער ענין מסתם? האַ?

ת ק י ף : יאָ, זעהר אַ נויטיגער ענין. איך וועל דאָס תיכף קלאָהר מאַכען; אָהן שהיות.

ר ב : נו, זיצט, קראָקער תקיף. זיצט, ראש-הקהל. (זיי זעצען זיך).

ת ק י ף : און איצט וועל איך קומען גלייך צום פּסוק. האָט איהר געהערט, רבי, וועגען דעם גראַפישען זוהנדעל וואָס האָט זיך מגייר געווען?

ר ב : האַ? וועגען דעם גראַפישען זוהנדעל וואָס האָט זיך מגייר געווען? יאָ. עפּעס געהערט. ס׳טראָגען זיך אַרום קלאַנגען שוין אַ פּאָר יאָהר. נו?

ת ק י ף : שוין גאָר ניט קיין קלאַנגען, רבי. דאָס איז אמת. ער קומט פון אונזער שטרעננגעל — דער יונגער פּריץ; שטאַמט פון דער הויכער פּאָהן; גאָר-גאָר; נאָך אינגעלוויז האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט, אַ סך אַרומגעוואַנדערעוועט, גע-זוכט דעם נעכטיגען טאָג. סוף — די לעצטע צוויי יאָהר איז זיין געביין אַהינגעקומען. מען ווייסט ניט וואו ער איז.

ר ב : יאָ, יאָ. נור פון וואַנען ווייסט מען אַז ער איז געוואָרען אַ איד?

ת ק י ף : מ׳ווייסט. איך, אַ שטייגער, ווייס. איך בין געווען אין שטעדטעל וואו דאָס אומגליק האָט פּאַסירט און איך האָב גע-רעדט מיט דעם דאָרטיגען ראש-ישיבה וואָס האָט אויף זיך גע-נומען דאָס אחריות אַזאַ זאַך צו טהון. דער אַלטער טפּש!

ר ב : (שאַרף) דוכט זיך איהר רעדט וועגען אַ ראש-ישיבה,

וועגען א תלמיד-חכם? אפשר טאקי ניט גלייך געווען; אפשר ניט געטאָרט נעהמען אויף זיך אזא הארבע זאך. אָבער מזלזל זיין אין כבוד פון א תלמיד-חכם — דאָס, קראָקער תקיף, — — —

תקיף: (אונגעדולדיג) — — א תלמיד-חכם, א תלמיד-חכם! איז וואָס? תלמידי-חכמים ווייסען ניט אויף וואָס פאר א וועלט זיי זיינען. ווייסט איהר מיט וואָס דאָס שמעקט? הא? מעהר דאַרפען מיר ניט נור די גלחים זאָלען געוואָהר ווערען אז מיר האָבען מגייר געווען א פריציש קינד. זיי וועלען אונז עוקר מן השורש זיין. דאָס אָבער איז דעם אַלטען ראש-ישיבה ניט איינגעפאַלען.

רב: (טרויריג) גערעכט, גערעכט. גלות! נור וואָס׳זשע האָט עס מיט אונז צו טהון?

תקיף: אָט קום איך צו דעם. ווי איהר זעהט מיך, רבי, איז עס אויסגעפאַלען אויף מיין מזל צו זוכען דעם פאַנסקי לאָ-שיק און איהם אהיים ברענגען צו זיין מאמע — א גוטען און כשר׳ען גוי. די אַלטע סטראַשעט. אויב ניט איך, זאָגט זי, וועלען איהם די גלחים ארויסזוכען און וועה וועט זיין צו אונז. איהר פאַר-שטעהט, רבי?

רב: יאָ, יאָ. איך פאַרשטעה אָבער נאָך אַלץ ניט וואָס איהר אילט פון אונז דאָ?

תקיף: (הויבט זיך אויף; שטיל) בערקע, דיינע לייט זיינען דאָ?

בערקע: ניט געדאגה׳עט, קראָקער תקיף. זיי זיינען דאָ; ביי יעדען פענסטער און ביי יעדער טהיר. קיינער וועט פון דאַנען ניט אנטלויפען — א לעבעדיגער.

תקיף: גוט. (פויזע) איצט, רבי, וועל איך אייך זאָגען וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך. דער יונגער גראף און זיין חבר גע-פינען זיך ביי אייך — דאָרט, אין בית-דין שטוב.

רב: הא? (הויבט זיך אויף א צוטומעלטער) ניט מעגליך.

ראש-הקהל: שייך ניט מעגליך? מ׳האָט זיי פאָרט דער-קענט, צווישען אייערע תלמידים.

רב: (מעכאַניש) ניט מעגליך. ניט מעגליך.

ת ק י ף : (שאַרף) הערט וואָס מ'רעדט צו אייך, רבי. דער יונגער גראַף מוז אָבפּאָהרען מיט מיר און — שאַ, שטיל. מ'טאָר קיין פּיפּס ניט הערען. ניט פאַרגעסען, רבי, אַז די גלחים האַלטען אַן אויג אויף אונז. זייט'זשע מוחל און רופט זיי אַריין!

ר ב : ווען מען רופען? ביי מיר זיינען ניטאָ קיין גרים, קראָ-קער תקיף.

ת ק י ף : וואָס טראַכט איהר אייך, רבי? דער קראָקער תקיף איז אַ קאַטינקע וואָס שפּיעלט זיך מיט איהר עקעלע? מ'בעט אייך אַריינרופען די תלמידים — נו, רופט!

ר ב : גוט, גוט. איהר האָט אַ טעות געהאַט. איהר וועט שוין זעהן. (עפענט די טהיר פון בית-דין שטוב) קינדער, זייט'זשע מוחל און קומט אַריין אויף אַ מינוט.

(תלמידים קומען אריין. אברהם און יוחנן בלייבען גאַנץ הינטען).

ת ק י ף : (זוכט מיט די אויגען אַ מינוט; דערזעהט אברהם'ן) הערר גראַף, מעג מען אייך בעטען קומען נעהענטער. (פּויזע) הערר גראַף, איך האָב קיין טעות ניט. (געהט צו נעהענטער) הינטער דעם בערדעל זעה איך אייער פאַרשטאַרבענעם פאָטער, ווען ער איז געווען אין אייערע יאָהרען. איהר זעהט אויס ווי ער, כאָטש איהר טראָגט אַ אידישע קאַפּאָטע מיט אַ יאַרמולקע.

א ב ר ה ם : (שטיל) איז וואָס?

ת ק י ף : פאַר אַלעמען וויל איך אייך בעטען זאָגען דעם רבי צו זענט איהר דאָס דער גר-צדק אברהם בן אברהם. מיר גלויבט מען ניט.

א ב ר ה ם : (געהט צו צום רב) דאָס בין איך דער גר-צדק, רבי. איך בין אברהם בן אברהם. (פּויזע) פאַרוואָס זעהט איהר אויס אַזוי בלייך, רבי?

ח י ה ' ל ע : (מיט אַן איינגעהאַלטענעם געשריי) באָבעניו! (סצענע; רביצין בארוהיגט זי).

ע ר ש ט ע ר ת ל מ י ד : געהערט? אברהם זאָגט אַז ער איז — — —

צווייטער תלמיד: ווייס איך וואָס? אַ פּוילישער פאַן געדענקט ניט דעם אלפ״ס אויסענווייניג.

ערשטער תלמיד: אָבער ער איז אַליין מודה!

תלמידים: עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. אברהם אַ גר־צדק? אַ געבוירענער גראַף?

רב: וואָס רעדסטו, אברהם? ניט מעגליך, ניט מעגליך!

תקיף: אַלץ ניט מעגליך? ער זאָגט דאָך אייך אַליין. אַן אומגליק מיט די תלמידי־חכמים; אויב ס׳שטעהט ניט אין רמב״ם, טויג ניט.

רב: איך פאַרשטעה פאָרט ניט. אַ יונגערמאַן אַ למדן, אַ מופלג בתורה — וואָס איז דאָ?

אברהם: הערט מיך אויס, רבי. חדושי׳ט אייך ניט וועגען מיין אידישקייט און מיין ביסעל לומדות. זיי זיינען ניט פון נעכטען. שוין אַ סך יאָהרען ווי איך לערן תורה. מיט אַכט יאָהר צוריק האָט אַ וויין־שענקער איז פּאַריז מיט מיר אָנגעהויבען לערנען תנ״ך. שפּעטער האָט אַן אַמשטערדאַמער רב מיך מחנך געוועזן אין גמרא מיט תוספות. אידישקייט האָב איך געלערנט איידער איך בין געוואָרען אַ איד. איך האָב געזוכט דעם קוואַל פון דעם הייליגען וואָרט און אינאיינעם מיט אַ סך אַנדערע למודים, האָב איך אויך אידישקייט געלערנט. איבעראַל האָב איך געזוכט; נור ביי אידישקייט בין איך געבליבען און צו אידען בין איך געקומען.

תלמידים: (מורמלען) געהערט? טאַקי יאָ אַ גר־צדק! האַ? נו?

תקיף: הערר גראַף, איהר האָט אונז אַ קנאַפּע טובה געטהון. ווייסט איהר דאָס כאָטש?

אברהם: איך בין ניט געקומען אייך טובות טהון; ניין, ניט אייך — נור מיר. ביי אייך האָב איך בלויז געזוכט דעם טויער דורך וועלכען ס׳געהט פאַרביי מיין וועג. נו? ווילט איהר מיך ניט דורכלאָזען? (פּויזע) איך ווייס אַז דער קראָקער תקיף איז געוואוינט צו מאָנאָפּאָלען; געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף די גראַ־

פישע גראַלניעס און אויף די גראַפישע רעגאַטקעס. האָט איהר אפשר אַ מאָנאָפּאָל אויף גאָט אויך?

תקיף: (לאַכט) דער פּוילישער פּאַן רעדט איצט; אַרויס־געקראָכען פון אונטער דער קאַפּאָטע מיט דער יאַרמולקע. איהר זעהט, רבי? אַזוי רעדט אַ פּאַן צו זיין פאַקטאָר; אַזוי רעדט אַ פּאַן צו זיין איד וואָס זינגט מה־יפית און מאַכט געשעפט. אָבער איהר האָט אַ טעות, הערר גראַף. גראַלניעס און כּאַשטעריי זיינען בלויז זייטיגע עסקים ביי מיר. ווייסט איהר וואָס מיין אמת'ער עסק איז? האַ? אָט די דאָ. דרייסיג יאָהר שטעה איך ווי אַן אייזערנע וואַנד אָבצוהאַלטען פון זיי אַלערליי שלעק און פּורעניות'ען. שליאַכטאַ וויל הלואות, גלחים ווילען וואַזשנע מתנות — און איך לייה און חורש אונטער און שמייכעל און בעט. יאָ — און איך בין אַ קנע־פּעל שבקנעפּעל מיט משרתים און לאַקייעס און פּריצישע קעפּס־ווייבער. אָט דאָס איז מיין עסק. איצט, הערר גראַף, זענט איהר מיין עסק. שוין דריי חדשים וואַלגער איך זיך אַרום אונטערוועגענס כּדי אייך צו געפינען און אייך צוריקברענגען צו אייער מאַמע. אז ניט, וועט אַ גאַנצער שטורעמגעל אידען, זיעבצעהן קהלות גאַנצע, האָבען אויסצושטעהן געברענטע צרות. הערר גראַף, איך בעט אייך — — —

אברהם: (דרעהט זיך אָב פון איהם) רבי, ניט כּדאי זיך מבטל זיין פון לערנען. געזעגענט אייך מיט דעם קראָקער תקיף און לאָמיר אַריינגעהן ענדיגען דעם שעור. גענוג! (ער לאָזט זיך געהן צו דער בית־דין שטוב).

תקיף: רבי, איהר זעהט דאָך אז מיין בעטען העלפט ניט. פאַרוואָס שווייגט איהר? ווילט איהר נעהמען דאָס אחריות אויף זיך?

רב: (געהט צו צו אברהם'ן און לעגט אַרויף די האַנד אויף זיין פּלייצע) אברהם — — — (דערשרעקט זיך און רוקט זיך אָב) זייט מיר מוחל. איך — איך מיין, הערר גראַף —

אברהם: (שמייכעלט) וואָס פאַלט אייך איין, רבי? אברהם בין איך; אייער תלמיד אברהם.

ר ב : נו, אברהם, דו האָסט דאָך געהערט וואָס דער קראָ-קער תקיף האָט געהאַט צו זאָגען. אַ סכנה פאַר אידען, חס-וחלילה — — אפשר איז דער קראָקער תקיף גערעכט — — אפשר וואָלט געווען גלייכער — — (שהוט אַ געשריי) איך קען ניט! דעם גנעדי-גען גראַף איז לייכט צוריקצושיקען, קראָקער תקיף. אָבער אברהם'ען? איך קען ניט!

ת ק י ף : (הייזעריג) רבי, האָט איהר שוין אַמאָל געזעהן די קעלער-תפיסות פון די גרויסע קלויסטערס? הא? נאָך ניט גע-זעהן? איך אָבער האָב זיי שוין יאָ געזעהן.

ר ב : (ברעכט די הענט) רבונו-של-עולם. (פויזע; מיט גרויס שמערץ אויף זיין פנים) אברהם, איך קען ניט איבערטראָגען דעם גע-דאנק. מיר זיינען אזוי אויך געווהנט געפּלאָגט; כסדר הענגען גזרות און חרמות איבער אונזערע קעפּ. טאָמיר, חלילה, כאַפּט מען דיך, וואָס וועט זיין מיט דיר? און — וואָס וועט זיין מיט אונז? אברהם, אברהם! (כאַפּט אברהם'ס קאַפּאָטע און וויל קושען דעם זוים).

א ב ר ה ם : (טרעט שנעל אָב פון איהם; פינסטער) זייט ווען האָבען עס אידען מורא פאַר צרות? זעכצעהן הונדערט יאָהר גע-לערנט ליידען און זיך נאָך אַלץ ניט אויסגעלערנט? פאַרוואָס לאַכט איהר זיך ניט אויס פון זיי? הא? לאַכט פּונקט ווי איך לאַך איצט פון מיין טאַטענס פאַקטאָר וואָס איז געקומען סטראַשען מיט קלויסטער-תפיסות. (ער שיסט אויס אין אַ שאַרפען געלעכטער).

ת ל מ י ד י ם : (מורמלען צווישען זיך) הערט נור! ער לאַכט. קיין מורא ניט פאַר קלויסטער-תפיסות...

ר ב : הער אויף, אברהם, הער אויף!

א ב ר ה ם : און ביי אייך, רבי, איז רעכט מיך צוריקצו-שיקען? רעכט מיר צו הייסען געהן דיענען עבודה-זרה? (שווערע פויזע) קראָקער תקיף, פאָהרט צוריק און זאָגט דער גראַפינע אַז איהר האָט מיך ניט געפונען. דעם שאַדען אין כאַטשעריי וועט אייך גאָט מטיב זיין. פאָהרט לחיים ולשלום.

ת ק י ף : הערר גראַף, איך וועל צוריקפאָהרען און זאָגען

אייער מאַמע אַז איך האָב אייך יאָ געפונען. ניין, איך וועל איהר גאָרניט זאָגען — איך וועל אייך צו איהר ברענגען, ווי איך האָב איהר צוגעזאָגט. צוליעב דעם משוגעת פון אַ יונגען פּריץ וועל איך ניט לאָזען חרוב מאַכען זיעבצעהן קהלות. (שאַרף) בערקע, וואו זיינען דיינע לייט?

בערקע: (טהוט אַ הילכיגען פייף; באַלד רייסען זיך אריין פינף פאַלקע-יונגען) חברה! אַט די צוויי. אנו! (זיי רינגלען אַרום אברהם און יוחנן און מאַכען אַ וואַרע זיי אַרויסצופיהרען מיט גע־וואַלט).

יוחנן: (ראַנגעלט זיך) אברהם! וואָס איז מיט דיר? מיר קריכט דאָס שוין פון האַלז. (פאַרפאַהרט איינעם פון די יונגען אין מאָרדע אַריין) טרעט אָב! טרעט אָב, זאָג איך. ווי וואַגט איהר דאָס ארויפלעגען אַ האַנד אויף איהם?

תקיף: בערקע, טהו וואָס מ'האָט דיר געהייסען! (סצענע; טומעל).

יוחנן: (צו די תלמידים) און איהר שטעהט און ריהרט אייך ניט? אייך אַרט דאָס גאָרניט?

תקיף: (שרייט) איהר זאָלט ניט וואַגען! איהר הערט? איך וויל ניט האָבען קיין שפיכות-דמים דאָ. בערקע, וואָס איז מיט דיר? גיכער!

חיהילע: (לויפט ארויס פון איהר ווינקעל; די אויגען צופלאַמט פון כעס) זיידע, פאַרוואָס שווייגסטו? הא? (אָטהעמט שווער) וואָס'זשע? די פאַלקע-יונגען האָבען שוין ביי דיר איבער-גענומען דאָס רבנות? זיידע! זיידע!

רב: (אַ פאַרצווייפעלטער) וואָס זאָל איך טהון, קינד, וואָס? וואָס קען איך — — — ?

אברהם: (שטיל) לאָזט מיך אָב. איך וועל ניט אַנטלויפען. (שאַרפער) לאָזט מיך אָב! (ער באַפרייט זיך פון די פאַלקע-יונגען; פויזע; שמייכלענדיג) און איך האָב געמיינט, רבי, אַז אידען גלוי-בען שוין לאַנג ניט אין כח פון פאַלקע; איך האָב געמיינט אַז

איהר אַלע ווייסט שוין דעם סוד אַז ווי גרויס די פּאַלקע זאָל ניט זיין, וועט סוף-כל-סוף עמיצער קומען מיט אַ גרעסערער פּאַלקע. (זיפצט) נו, זאָל זיין ווי איהר ווילט. וואָס׳זשע פאַרלאַנגט איהר, קראָקער תקיף? איך זאָל צוריקגעהן? גוט, געה איך. צוריק אָנעהמען דעם גראַפסקען טיטול און ווערען אַ פרומער קאַטויליק? נו, גוט. בין איך ווידער אַ גראַף און אַ קאַטויליק. טאַקי שוין. איצט. און מאָרגען, ליעבער יאַן, וועלען מיר שיקען נאָכ׳ן שניי־דער און נאָכ׳ן צרולניק אַז זיי זאָלען טהון דאָס איבעריגע — אונז העלפען אָבמעקען דעם אידישען פּרצוף. (נעהמט ארונטער די יאַר־מולקע און גלייכט זיך אויס) וואָס זאָגסטו, ליעבער יאַן? הא?

ת ק י ף : מיינט איהר דאָס אויף אַן אמת, הערר גראַף?

א ב ר ה ם : דו! ווער ביזטו דאָס מיך נעהמען אויפ׳ן פאַר־הער? הויף-איד, דאָס היטעל ארונטער! (אַלע ווערען צוטומעלט).

ת ק י ף : איהר מאַכט שפּאַס, הערר גראַף, אָדער — — ?

א ב ר ה ם : דאָס היטעל ארונטער, האָב איך געזאָגט. דו פאַרגעסט צו וועמען דו רעדסט.

ת ק י ף : (נעהמט אַרונטער דאָס היטעל) זייט מוחל, הערר גראַף, וואָס איך — — —

א ב ר ה ם : איך בין גאָרניט מוחל. דו, כאַטשערל! דו האָסט מורא געהאַט אַז דו וועסט האָבען צרות פון דער גראַפינע. זאָרג ניט. דו וועסט זיי איצט האָבען פון איהר זוהן. (רוקט איהם אָב אָן אַ זייט) יאַן, זיי אַזוי גוט און וואַרף איהם אַרויס אינאיינעם מיט זיינע פּאַלקע-יונגען. אַ שמוציגע אַרבייט, ברודער, אָבער איך קען זיך ניט העלפען.

י ו ח נ ן : נו, געהט! (טרייבט די פּאַלקע־יונגען צו דער טהיר; צום סוף נעהמט ער בערקע׳ן ביים גענוק און וואַרפט איהם אַרויס).

ת ק י ף : מעג איך נאָך זאָגען אַ וואָרט איידער איך געה? (הכנעה׳דיג) הערר גראַף, איך בין אייך זעהר און זעהר דאַנקבאַר. איהר ווייסט ניט ווי אייער גנעדיגע מאַמע האָט זיך געערגערט. איהר איינציגער זוהן, דער יורש פון אַ גרויסער און הערליכער פאַמיליע, אַ איד? אויף מיין וואָרט, זי איז גרוי געוואָרען פאַר דער

צייט. נו, איצט וועט שוין אַלץ זיין גוט. אידען וועלען וויסען אז זיי האָבען אין אייך אַ פריינד — כמעט אַן אייגענעם. איהר וועט דאָך זיין גוט צו זיי אזוי ווי אייער פאָטערליך הויז איז תמיד געווען. און איצט, הערר גראַף — — —

אברהם: (לאַכט) גיה שוין איידער איך הייס דיר דאָ זינגען מה-יפית. גיה!

תקיף: (רוקט זיך אָב הכנעה'דיג) אַלץ וואָס איך וויל נאָך וויסען, איז ווען איהר פאָהרט? איך וויל קומען צו דער גראַ-פינע און איהר זאָגען ווען איהר קומט. אויב איהר זאָלט וועלען, האָב איך אפילו אַ פיינעם עקוויפּאַש פאַר אייך — — —

אברהם: איך וויל ניט. פּוילישע פּריצים פאָהרען ניט בחברותא מיט אידען. מאַרש!

תקיף: נו, נו. אמת. אַ דאַנק, הערר גראַף, וואָס איהר האָט מיר לייכטער געמאַכט מיין שליחות. איהר האָט אַרונטער-גענומען אַ שווערע לאַסט פון מיינע פּלייצעס. אַ דאַנק, אַ דאַנק און אַ גוטע נאַכט און אַ גליקליכע רייזע. (אָב).

ראש-הקהל: (נידערגעשלאָגען) הלואי ס'זאָל זיך ענדי-גען צום גוטען. אַ גוטע נאַכט. (אָב).

אברהם: (טרויעריג) דער זייל אויף וועלכען אייער בנין שטעהט — אַ אידישער תקיף. (פּויזע; צו די תלמידים) נו, וואוילע קעפּ, אידישע חריפים, האָט איהר פאַרשטאַנען וואָס איהר האָט געזעהן? פאַרשטאַנען, הא? וואָס שטעהט איהר אזוי דערשראָ-קען? קעפּ פון אייזען און הענט פון ליים! צווישען אייך וועל איך ניט געפינען וואָס איך זוך. גאָט מאַכט פון אייך חוזק. יאָ — חוזק, חוזק, חוזק! (שטיל) זייט געזונט, חברים, זייט געזונט. דעם היינטיגען שעור וועט איהר שוין ענדיגען אָהן מיר.

תלמידים: (פאַרשעהמטע) פאָהר געזונטערהייט, אברהם. (אָב מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ).

רב: (געהט צו צו איהם) מיך האָסטו ניט אָבגענאַרט, אברהם. איך האָב געזעהן אין דיינע אויגען אז דו געהסט ניט צוריק צו זיי. אָבער מיין הארץ איז מיר שווער; ווייל — ווייל איך

האָב דיך ליעב און איך ווייס אַז דיין לעבען וועט כסדר זיין אין סכנה.

אברהם: (מיעד) דערווייל איז די סכנה ניט גרויס. די מאַמע ווייסט גאַנץ גוט אַז איך וועל בלייבען אַ איד. ס'טהוט איהר וועה. אָבער איך בין איהר אַלץ ליעבער אַ לעבעדיגער איד ווי אַ טויטער גוי.

רב: אָבער — די גלחים!

אברהם: די מאַמע וועט ניט דערצעהלען. דער קראַנקער תקיף — אודאי ניט. טאַ, ווער?

רב: (טראַכט אַ מינוט; דאַן מיט ענטשלאָסענהייט) אויב אַזוי, אפשר וואָלסטו טאַקי ווייטער געבליעבען ביי אונז? דו ביזט אונז ליעב געוואָרען, אברהם; דו ביזט אונז ליעב געוואָרען.

חיה'לע: זיידעניו, אומזיסט דיינע רייד — ער וועט ניט בלייבען. (אָטעמט שווער) איך האָב אויך געוואוסט אַז ער וועט ניט צוריקגעהן צו זיי. אָבער דאָ וועט אברהם ניט בלייבען; ווייל — ווייל מיר זיינען איהם ניט ווערט. (שעמעוודיג) אברהם, איאָ נאָך היינט ביינאַכט געהסטו אַוועק פון דאַנען?

רביצין: חיה'לע! חיה'לע!

רב: וואָס איז געשעהן מיט דיר, קינד מיינס? האַ?

חיה'לע: (שנעל אָב דורך דער זייטיגער טהיר).

אברהם: זייט ניט ברוגז אויף איהר. חיה'לע ווייסט בעסער וואָס ס'טהוט זיך אין מיין האַרץ ווי איהר אַלע. זי האָט געזעהן דאָס וואָס איהר אַלע האָט ניט געזעהן, ווייל איהרע אויגען זיינען יונג און קלאָהר און ליכטיג. געקומען בין איך צו אייך זוכען יענעם וואָס איז דער האַר און מייסטער איבער לעבען און טויט. איך האָב געמיינט אַז איהר זענט זיינע קינדער. לאָזט זיך אויס אַז איהר זענט ניט מעהר ווי זיינע קנעכט. די מורא פאַר לעבען און טויט האָט ווי אַ שאַווער זיך איינגעגעסען אין אייערע נשמות. איך וועל איהם געהן זוכען ערגעץ אַנדערש. און אַט איז חיה'לע מיט אונזערע בורנוסען.

ח י ה ׳ ל ע : (קומט אַריין מיט צוויי מאַנטלען און צוויי היט־לען; יוחנן נעהמט זיינע און טהוט זיי אָן; זי געהט צו צו אברהם'ען) לאָז מיך דיר אָנטהון דיין בורנוס, אברהם. (זי טהוט איהם לאַנגזאַם אָן זיין מאַנטעל; קורצע פויזע) איצט געה געזונטערהייט, אברהם. דיין וועג איז פריי.

א ב ר ה ם און י ו ח נ ן : (געהן שווייגענדיג צו דער טהיר).

(פאָרהאַנג)

## פינפט בילד

# דער גרויער וואָלף

### פּערזאָנען:

איצי ביק, ראש פון די בעלי־עגלות

קרייקע
בלק
ניסעלע
צאַלע
— בעלי־עגלות

אברהם

יוחנן

קרעטשמאַר

בעל-הבית פון די האָלץ־סקלאַדעס

בעלי-עגלות

## דער גרויער וואָלף

(די קרעטשמע ביי די האָלץ־סקלאַדעס. — אַ ווינ־
טער־אָוונט. דורך די שויבען פינקעלט דער שנעע. די
גרויסע הרובע ציהט ווי אַ מאַגנעט יעדען וואָס קומט
אַריין אין קרעטשמע.)

ב ל ק : (תחנונים׳דיג) גיב נאָך אַ פערטעלע י״ש, קרעטש־
מאַר. נו? ווועסט געבען?

ק ר ע ט ש מ אַ ר : טאַקי ניין! האָסטו געזעהן? אַז מ׳האָט
ניט פאַרוואָס, טרינקט מען ניט.

נ י ס ע ל ע : בלקיל קען זיך באַגעהן אָהן בראַנפען. איאָ,
קרעטשמאַר?

ק ר י י ק ע : (ברומט) אַ גדולה אויף דיר, ניסעלע. באַגעהן.
באַגעהן! אַ גאַנץ לעבען האַלט מען זיך אַלץ אין באַגעהן. דער
קרעטשמאַר הייסט זיך באַגעהן; דער בעל־הבית הייסט זיך באַ־
געהן; גאָט הייסט דאָך אודאי זיך באַגעהן. אַ כאָליערע כאַפּט עס!

א י צ י ב י ק : שטיל זאָל זיין, קרייקע. וואָס באַלאַבעסטו
דאָרט, וואָס? ווער איז שולדיג אַז מ׳קען קיין האָלץ ניט פיהרען?
ווער, האַ? און אַז מ׳פיהרט ניט קיין האָלץ האָט בלק ניט אויף
בראַנפען און דו האָסט ניט און איך האָב ניט. אָבער — שאַ, שטיל!

ק ר י י ק ע : בראַנפען! בראַנפען! נו — און ברויט איז
דאָ? דאָס לעצטע ביסעל גערשטען־גריץ היינט אָבגעקאָכט פאַר די
בעמבעקעס און זאָל מיך טרעפען דער שלאַג אויב איך האָב גע־
האַט היינט אין מויל מעהר ווי אַ געבראָטענע קאַרטאָפּלע.

נ י ס ע ל ע : און למשל ווען דו פאַסט אין גאַנצען אַ טאָג?
אַזאַ צדיק ווי דו מעג אַמאָל פאַסטען אַ תענית׳ל אויך. ס׳וועט דיר
ניט שאַטען. איאָ, רבי איצי?

א י צ י  ב י ק : הער אויף לצ׳עווען, ניסעלע באַץ. מיט הונגער שפּאַסט מען ניט. דו הערסט, דו?

ב ל ק : אמת, רבי איצי. און וואָס איז מכּה אַ טרונק בראַנ-פען? (פויזע; פּאַרצווייפעלט) דו, קרעטשמאַר, נו? — — —

א י צ י - ב י ק : צום שוואַרצען יאָהר! נו, גיב איהם אַ פערטעלע. דער רוח וועט דיך ניט כאַפּען, קרעטשמאַר. איך קאַוויר.

ק ר ע ט ש מ א ר : גיב איך, נו. דער ראש הייסט. (גיסט אָן) און וואָס זאָגסטו, איצי? מ׳וועט נאָך פיהרען האָלץ דעם ווינ-טער צי ניין? שוין אַ וואָך צו חנוכה.

א י צ י  ב י ק : איך האָף צו זיין ליעבען נאָמען. (זיפצט) וואָרים אויב מ׳נעהמט זיך ניט פיהרען היינט-מאָרגען, וועלען מיר אויסגעהן פון הונגער — די ווייבער, די פערד, די קינדער און מיר אויך.

ק ר י י ק ע : דו האָפסט שוין אַזוי פון ראש-השנה אָן. זעהס-טו, איך וואַרט נאָך אַ וואָך. אויב מ׳נעהמט זיך ניט פיהרען, פאַר-קויף איך פערד-און-וואָגען, נעהם דאָס ווייב מיט די בעמבעקעס און — היידאַ! איך לאָז זיך אין דער וועלט אריין.

נ י ס ע ל ע : (צולאַכט זיך) די וועלט זיצט דאָך און וואַרט אויף איהם. אודאי! מ׳וועט איהם אַקעגען געהן מיט קלעזמער.

א י צ י  ב י ק : קרייקע, דו וועסט ניט פאַרקויפען קיין פערד-און-וואָגען. דו הערסט? דער בעל-הבית איז מחויב נאָך היינט צוריק צוקומען. פאַרשטעהסט?

ב ל ק : הלואי ער זאָל נור ניט קומען מיט ליידיגע הענט. נו, לחיים! (טרינקט).

ק ר ע ט ש מ א ר : געה רעכט זיך אויף אַזאַ אומגליק. מ׳קויפט אַ וואַלד מיט דריי יאָהר צוריק. און איצט אַז ס׳קומט צום האַקען לאָזט מען ניט.

ב ל ק : שוין געהאַט אַמאָל שלעכטע יאָהרען; שוין געוועזן ווינטערן ווען מ׳האָט ווייניג געפיהרט. אָבער לחלוטין גאָרניט! — — — שלעכט!

אִיצִי בִּיק: יאָ. שלעכט, שלעכט.

קְרַייקֶע: די בעמבעקעס נעבאך. (פּויזע; ברומט) אַ כאָ-ליערע זאָל דאָס כאַפּען.

(הונגער־מורא צוגיסט זיך ווי אַ גרויער נעפּעל איבער זייערע פּנים׳ער).

צַאלֶע: (קומט אַריין; קלאַפּט אָב דעם שנעע פון די שטיוועל) אַ גוטען. איך האָב נייעס.

נִיסֶעלֶע: אפשר דער בעל־הבית שוין דאָ?

צַאלֶע: ניט געטראָפען. אברהם איז צוריקגעקומען — אָבער אָהן זיין פערד־און־וואָגען.

אִיצִי בִּיק: וואָס הייסט? פאַרקויפט פערד־און־וואָגען? ער איז משוגע געוואָרען?

צַאלֶע: וואָס וויים איך? נור צוריקגעקומען איז ער צו-פוס — ער און יוחנן.

בִּלְק: און וואָס וועט ער טהון אז מ׳וועט זיך נעהמען פיה-רען?

צַאלֶע: וואָס ווילט איהר פון מיר? ער האָט דאך פאַר-קויפט זיין פערד־און־וואָגען און ניט מיינע. (דאָס קלאַפּען פון שטיי-וועל הערט זיך אין פאָרהויז) אָט, דאכט זיך, קומט ער. פרעגט ביי איהם.

אַבְרָהָם און יוֹחָנָן: (קומען אַריין) אַ גוטען.

אִיצִי בִּיק: אַ גוטען דיר אויך. וואָס הער איך, אברהם? פאַרטאַכלעוועט פערד־און־וואָגען?

אַבְרָהָם: (שמייכעלט און שווייגט).

יוֹחָנָן: פאַרטאַכלעוועט, רבי איצי, פאַרטאַכלעוועט. קרעטשמאַר, אַ פערטעלע. ס׳איז קאַלט.

אַבְרָהָם: (קוקט זיך ארום) אַ פערטעלע וועט ניט זיין גענוג. דריי פערטעלאך, קרעטשמאַר. מיר צאָהלען מזומן. האַ, יוחנן? (גיט דעם קרעטשמאַר עטליכע מטבעות).

אִיצִי בִּיק: דו, אברהם, איך דערקען דיך דאך ניט. וואָס־זשע? פאַרקויפט פערד־און־וואָגען כדי צו שכור׳ן בחברותא?

דו — — — א ליטישער בעל-עגלה ביזטו.

א ב ר ה ם : בלק, וואָס זאָגסטו ? כדאי פאַרקויפען פערד-און-וואָגען פאַר אַ טרונק בראַנפען ? האַ ?

ב ל ק : טאַקי ניט כדאי. אָבער אַז ס'טהוט אַמאָל אַזוי אַ ברען און ס'איז ניטאָ קיין גראָשען אין קעשענע, וואָלט מען אַוועק-געגעבען אפילו דאָס העמד פון לייב. (זיפצט) אוי.

א ב ר ה ם : איהר הערט, רבי איצי ? בלק ווייסט דעם טעם פון וועלען אַ טרונק בראַנפען און ניט האָבען. נו, לחיים ! (טרינקט).

א י צ י ב י ק : (רוקט אָב דאָס פלעשעל) איך וועל ניט אָנריה-רען דיין בראַנפען ביז איך וועל ניט וויסען וואָס דו האָסט געטהון מיט דיין פערד-און-וואָגען. דו הערסט ?

א ב ר ה ם : (לאַכט) לאָזט מיך אָבכאַפּען דעם אָטעם, רבי איצי. שפּעטער, שפּעטער.

א י צ י ב י ק : אויב פאַרקויפט, וויל איך וויסען פאַרוואָס ס'האָט אויף דיר אַזוי געברענט דער פּעלץ ? היינט ביינאַכט קומט צוריק דער בעל-הבית. ס'קען זיך דאָך מאַכען אַז מ'וועט זיך יאָ נעהמען פיהרען. נו ? וואָס וועסטו טהון ? שלעפּען דאָס האָלץ אויף די פּלייצעס ? האַ ?

א ב ר ה ם : (נעהמט אַרויס זיין פּאַטשיילע, בינדט אויף אַ קניפּעל און צעהלט אויס עטליכע גאָלד-שטיקלאך) עלף דוקאַטען. איהר זעהט ? ניט קיין שלעכטער מקח פאַר מיינע צוויי לאָשיקעס. נו, נאַט אייך דאָס געלד, רבי איצי. אויב מ'נעהמט זיך פיהרען קויף איך מיר ווידער פערד-און-וואָגען. דערווייל האַלט איהר דאָס געלד פאַר מיר, וועט איהר זיכער זיין אַז איך וועל דאָס ניט פאַרקניאַש-קען. צופריעדען ?

א י צ י ב י ק : (נעהמט דאָס געלד) איז איינס אַוועק. און איצט זאָג מיר פאַרוואָס דו האָסט דיך אַזוי געאיילט צו פאַר-קויפען. נו, אַרויס מיט לשון, אברהם'עלע.

י ו ח נ ן : איך וועל אייך זאָגען. (צו אברהם'ן) היינט, מאָר-גען — וואָס איז דער חלוק ? דו קענסט דאָך דאָס ניט האַלטען בסוד. נו, הערט. אברהם האָט זיך דערוואוסט אַז חברה הויבט אָן

אַ ביסעל אונטערפּאַסטען. ער האָט געזעהן ווי די קינדערלאך געהן אַרום ניט-אָנגעגעסענע און די גרויסע — בייזע, אַזוי האַלב-הונגעריגע. האָט ער זיך מישב געווען אַז קויפען אַ פּאָר וועגעלאך קאַרטאָפּלעס און זיי אָבשטעלען אויפ'ן ווינטער, וואָלט געווען ניט שלעכט. יאָ פיהרען, ניט פיהרען — זאָל כאָטש זיין אַ געבראָטענע קאַרטאָפּלע אין הויז. אָבער אַ פּאָר וועגעלאך קאַרטאָפּלעס קאָסט אַ היבשע מטבע און קיין געלד האָט ער ניט געהאַט — איז איהם איינגעפּאַלען אַ געדאַנק. ער וועט אַוועקפאָהרען אין שטאָדט אַריין — — —

אַ י צ י ב י ק : וואָס באַלאַבעסטו דאָרט, יוחנן? אברהם האָט פאַרקויפט פערד-און-וואָגען כדי צו פאַרזאָרגען אַ גאַנץ דאָרף בעלי-עגלות מיט קאַרטאָפּלעס אויף ווינטער?

אַ ב ר ה ם : יוחנן באַלאַבעט ניט, רבי איצי. מאָרגען, אם-ירצה-השם, וועלען מיר —

ק ר י י ק ע : (פאַלט איהם אַריין אין די רייד) וואָס הייסט? אויף דיין חשבון?

אַ ב ר ה ם : איך פיהר ניט קיין חשבונות, קרייקע.

י ו ח נ ן : נו, אַזאַ מענש איז ער שוין. ווייב-און-קינדער, זאָגט ער, האָט ער ניט. צווישען אייך וועט ער שוין פון הונגער ניט שטאַרבען.

ק ר י י ק ע : (טהוט זיך אַ קלאַפּ אין ברוסט) זאָל מיך טרעפען דער שלאַג! געהערט אַזוינס?

ב ל ק : (ווישט זיך די אויגען) שוין איינמאָל אַן אברהם'עלע. יאָ, יאָ. (פויזע; זיי קוקען אויף איהם ווי ער וואָלט געווען עמיצער פון אַן אַנדערער וועלט).

אַ י צ י ב י ק : (שטעלט זיך אויף) איהר חדוש'ט אייך, האַ? איך ניט; בנאמנות ניט. ווען קרייקע זאָל דאָס טהון, ווען איך זאָל דאָס טהון — וואָלט איך זיך געחדוש'ט. אַזאַ וועלט איז דאָס שוין. דו האָסט עלף דוקאַטען, האַלטסטו עלף דוקאַטען. און וויל עמיצער נעהמען, דערלאַנגסטו איבער די הענט. אָבער אברהם

איז ניט קרייקע און ניט איצי ביק. אברהם איז — — — איז אברהם!

אברהם: נו, זאָל שוין זיין גענוג, רבי איצי.

איצי ביק: פאַרמאַך מיר ניט דאָס מויל, אברהם. איך מוז רעדען. דו הערסט? ווען דאָס האַרץ איז פול, מוז מען רעדען. און זאָרג ניט. איך וועל ניט רעדען וואָס מ'דאַרף ניט. איהר הערט, קינדער? מיט צוויי יאָהר צוריק, ווען ער און יוחנן זיינען געקומען אַהער אין דאָרף אריין, רופט מיך דער בחור אַוועק אָן א זייט און דערצעהלט מיר א מעשה אז ס'האָבען זיך מיר די האָר געשטעלט קאַפּויר. און ער זאָגט אַזוי-און-אַזוי איז דאָס און אויב מיר זיינען שרעקעדיגע, וועט ער און זיין חבר זיך אָבטראָגען פון דאַנען. נו, וואָס'זשע האָב איך דיר געזאָגט, אברהם'על? האַ? געזאָגט האָב איך איהם אַזוי: ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. קיינער וועט דיך ניט טשעפּען. ניט קיינעמס עסק וועד דו ביזט און פון וואַנען דו קומסט. ווילסט פיהרען האַלץ? געזונטערהייט — און שוין.

יוחנן: הערט אויס, רבי איצי. צו וואָס רעדען וועגען זאַכען וואָס — — —

איצי ביק: האַלט דעם פּיסק, דו! איך רעד, חלילה, עפּעס פון וועג? איך וויים וואָס איך וויים און שווייג. קרייקע וויסט וואָס ער וויסט און שווייגט. און טאָמיר ווייסט נאָך עמיצער, שווייגט ער אויך. איצי ביק האָט געזאָגט אז ס'זאָל זיין שאַ, איז שאַ! נור הער וואָס איך וועל דיר זאָגען, אברהם. א געבוירענער בעל-עגלה קען אַזאַ זאַך ניט טהון. פאַרקויפען פערד-און-וואָגען וועיל אַנדערע — — — (קלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין) זאָל מיך טרעפען דער שלאַג! דאָס קען נור א פּאַנסקי קינד. משי! משי! (כאַפּט דאָס פלעשעל) צו דיין געזונט, אברהם'על! (טרינקט).

בלק: (נעהמט איבער דאָס פלעשעל) שוין איינמאָל אַן אברהם'עלע! א געזונט אויף דיר!

(זיי רינגלען איהם אַרום; דאָס פלעשעל געהט פון האַנט צו האַנט; די פּנים'ער שטראַהלען מיט א נייער האָפנונג).

צ אַ ל ע : (סענטימענטאַל) דו הערסט, אברהם, איך וויים גאָרניט. קרייקען האָט איצי ביק דערצעהלט, אָבער מיר ניט. איך זאָג דיר, אָבער, אַז טאָמיר מאַכט זיך עפּעס, איז אַזוי-ווי-דו-זעהסט-מיך, וועל איך די וועלט איינלעגען. איך? יעדער פון אונז. דו הערסט, אברהם׳עלע?

א ב ר ה ם : אַ קשיא? דו ביזט דאָך עפּעס אַ גוטער ברו-דער, צאַלע. איך וויים, איך וויים.

נ י ס ע ל ע : (ליאַרמענדיג) לחיים, חברה! לחיים, אברהם! זאָל זיך שוין אָנהויבען דאָס גוטע!

ב ל ק : (אַ צושוואומענער) רבי איצי, איך וויל אייך עפּעס זאָגען. זייט׳זשע מוחל.

א י צ י  ב י ק : אַ שטייגער וואָס, בלק?

ב ל ק : (נעהמט איהם אָן אַ זייט) ווייסט איהר וואָס מיר איז איינגעפאַלען? הערט אייך צו. אָט דער אברהם דאַרט איז ניט וואָס איהר מיינט; ער איז אַ למד-וו׳ניק. אַז ניט זאָל איך ניט אויסלעבען דאָס יאָהר. איהר הערט?

א י צ י  ב י ק : (צולאַכט זיך) איי גוט! אברהם, הער נור וואָס בלק זאָגט אויף דיר: אַ למד-וו׳ניק, זאָגט ער, ביזטו! כאַ, כאַ, כאַ!

א ל ע : (לאַכען) אַ למד-וו׳ניק! אַן איינפאַל! בלק׳ל! כאַ, כאַ, כאַ!

א י צ י  ב י ק : (ווערט פּלוצלינג ערנסט) און — — — און אפשר איז בלק גערעכט. איך וויים?

(פון דרויסען הערט זיך קלינגעריי פון שליטען-גלעקלאַך; עטליכע בעלי-עגלות רייסען זיך אריין אין קרעטשמע).

ב ע ל י - ע ג ל ו ת : אַ גוטען! דער בעל-הבית איז דאָ!

א י צ י  ב י ק : נו, טאַקי געקומען. (שפּייט זיך אָן אין די הענט אריין) זאָל זיין צו מזל.

ב ע ל - ה ב י ת : (אין שאָפּען-פּעלץ מיט הויכער פּערזיאַנער קוטשמע) אַ גוטען אָוועט, חברה. אַ גוטען אָוועט, איצי. ס׳איז קאַלט; ס׳נעהמט אַ שטאַרקער פראָסט היינט נאַכט.

א י צ י  ב י ק : נו, א נייעס. ווינטער איז קאלט.

ב ע ל - ה ב י ת : קרעטשמאר, אנו אביסעל פון דיין קימעל-בראנפען. דערלאנג, נו! (טהוט אוים שאפען-פעלץ, גיסט זיך אן א גלעזעלע בראנפען) לחיים, חברה! (טרינקט).

א ל ע : לחיים. טרינקט געזונטערהייט.

א י צ י  ב י ק : גאט זאל געבען איהר זאלט אונז ברענגען עפעס א גוטע בשורה.

ב ע ל - ה ב י ת : איך וואלט אודאי אויך געוואלט. דער-ווייל — דערווייל איז ניט אזוי פרעהליך.

א ל ע : הא? געהערט? זעהר גוט! (דער שאטען פון הונגער פליהט ווידער איבער די פנים'ער).

ק ר י י ק ע : איהר וועט מיר מוחל זיין, בעל-הבית. נור ס'איז שוין צייט ארויסצוקומען מיט קלאהרע דבורים. וואס איז דאר-טען? פארוואס לאזט מען ניט האקען דעם וואלד? אויב הונגערן, לאמיר כאטש ויסען פארוואס.

ב ע ל - ה ב י ת : אהא! ס'וועט דיר לייכטער זיין איבער-צוטראגען דעם תענית. נו, הערט'זשע, קרייקע. אז מ'וויל זאגען איז דאס ניט דיין עסק, ווארים מ'לאזט דאך ניט האקען מיין וואלד, ניט דיין וואלד. נור אויב דו ווילסט דוקא וויסען — — —

ק ר י י ק ע : (בייז) וואס עפעס איך? מיר אלע. איהר ווילט ניט וויסען?

א ל ע : (ברומענדיג) אודאי! וואס הייסט? פרנסה!

ב ע ל - ה ב י ת : (שמייכעלט) איך זעה אז אייערע אייגענע צרות זיינען אייך וועניג. איהר ווילט דוקא מיינע אויך. נו, נו. הערט'זשע. מ'לאזט ניט האקען ווייל ס'פעהלט א חתימה.

ע ט ל י כ ע : א וואס פעהלט? הא?

ב ע ל - ה ב י ת : א חתימה, אן אונטערשריפט. ווען איך האב געקויפט דעם וואלד מיט עטליכע יאהר צוריק, האט מען מיר געזאגט, אז איידער מען וועט זיך שטעלען האקען, וועט מען מוזען קריגען די חתימה פון דעם יונגען גראף, ווייל דער יונגער גראף איז

איינער פון די יורשים פון יענע גיטער. בקצור, איך וואַרט שוין אויף דער חתימה באַלד דריי יאָהר — ואיננו! דאָס זוהנ׳דעל, דאָס גראַפישע, איז ניטאָ.

**איציביק:** סתם ניטאָ? וואָס הייסט? אַריינגעפאַלען אין הימעל אַריין?

**בעל־הבית:** אַ קשיא, נו. ער איז ניטאָ. די גראַפינע, די מוטער זיינע, זאָגט, אַז ער איז אויף אַ ווייטער נסיעה און אַז ער וועט סוף־כל־סוף צוריקומען. זייטיגע מענשען, אָבער, דערצעה־לען אַ גאַנץ אַנדערע מעשה.

**קרייקע:** אַ שטייגער?

**בעל־הבית:** זיי זאָגען אַז דאָס גראַפישע זוהנ׳דעל וועט שוין קיינמאָל ניט צוריקומען. ס׳הייסט אַז ער האָט זיך גאָר מגייר געוועזן, האָט חתונה געהאַט מיט אַ שוחט׳ס אַ מיידעל און איז גע־וואָרען אַ מלמד ערגעץ אין אַ דאָרף. (פויזע) עפּעס האָב איך אויך געהערט וועגען אַזאַ גראַפישען גר־צדק; נור צי דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם יונגען פּריץ וואָס איך זוך, דאָס ווייס איך ניט.

**איציביק:** וואָס׳זשע וועט זיין, בעל־הבית לעבען?

**אַלע:** געדעכט! וואָס׳זשע וועט זיין?

**בעל־הבית:** נו, וואָס ווילט איהר פון מיר, קינדער? איך טהו וואָס איך קען. איך זוך איהם. און דאָס איבעריגע פאַר־לאָז איך זיך אויף גאָט. (הויבט זיך אויף) ס׳וועט שפּעט און מיין בני־בית וואַרט אויף מיר. (טהוט אָן פּעלץ) נו, ניט געדאגה׳עט. מאָרגען איז אויך אַ טאָג. אַ גוטע נאַכט. (אָב; פּויזע; שליטען־גלעקלאַך הערען זיך פון דרויסען).

**קרייקע:** (געהט צו צו אברהם׳ן) דו, אברהם, איך וויל דיך עפּעס פרעגען צווישען פיער אויגען.

**אברהם:** נו, פרעג.

**איציביק:** וואָס עפּעס צווישען פיער אויגען? וואָס פאַר סודות האָסטו מיט איהם?

**קרייקע:** (צוקאָכט) נו, איז ניט צווישען פיער אויגען.

איך וויל וויסען צי ווייסט ער ניט עפּעס וועגען דעם וואַלד וואו מ׳לאָזט ניט האַקען. אָט דאָס וויל איך וויסען.

א י צ י  ב י ק : האַ? וואָס הייסט צי ער ווייסט עפּעס וועגען וואַלד? ווי קומט ער צו וויסען?

ק ר י י ק ע : ווייל דו, איצי, ביזט אַן אַלט פערד. וואָס האָט דער בעל-הבית דאָ דערצעהלט, וואָס? נו, לעגט מען צונויף צוויי-און-צוויי און ס׳קומט אַרויס אַ לאָקשען-טאָפּ. אַ שוואַרץ יאָהר אויף דיר!

א י צ י  ב י ק : (געפּלעפּט) וואָס — — — וואָס פאַלט דיר איין?

ק ר י י ק ע : יאָ! דאָס פאַלט מיר איין. דאָס, דאָס, דאָס!

נ י ס ע ל ע : אברהם, הייסט עס, איז דער וועמען דער בעל-הבית זוכט? האַ?

ק ר י י ק ע : אָט שטעהט ער. זאָל ער דיר ענטפערן.

א ב ר ה ם : קאַכט אייך ניט. (פּויזע) איך בין דער וועמען דער בעל-הבית זוכט. נו?

א י צ י  ב י ק : און דו האָסט געשוויגען, אברהם? מענשען געהן דאָ אוים פון הונגער און דו ביזט געשטאַנען און געשוויגען?

ק ר י י ק ע : קאַרטאָפלעס האָט ער אונז געוואָלט קויפען. קאַרטאָפלעס! אָבער אַז ס׳איז געקומען צום רעכטען-געדעכטען האָט ער זיך געמאַכט כלא-יודעים. געשוויגען!

י ו ח נ ן : ווייסט איהר וואָס איהר פאַרלאַנגט פון איהם? ווייסט איהר אַז איהר שיקט איהם אין פייער אַריין?

ק ר י י ק ע : וואָס פאַר אַ פייער, וואָס?

י ו ח נ ן : יאָ, אין פייער אַריין! איהר הערט? אויב אברהם ווייזט זיין פּנים דאָרט — — —

א ב ר ה ם : באַרוהיג דיך, יוחנן. לאָמיך רעדען צו זיי; מיך וועלען זיי פאַרשטעהן. הערט! איהר שיקט מיך ניט אין פייער אַריין. יוחנן שרעקט זיך אומזיסט. אַלץ וואָס איך דאַרף טהון איז אַהיים געהן און צוריק אָנעהמען מיין אַלטע אמונה. די גלחים וועלען ניט זעהן צי איך בין צוריקגעקומען, פּונקט ווי זיי האָבען ניט

געזעהן אַז איך פעהל זיי. איך דאַרף פשוט צוריקגעהן און — — —

ק ר י י ק ע : נו, וואָס׳זשע איז דאָ צו ברייען? געהט מען! וואָס זאָגט איהר, חברה?

א ל ע : (ברומענדיג) נו, אודאי! געהט מען, געהט מען!

א ב ר ה ם : און וואָס זאָגט איהר, רבי איצי? (פויזע) איהר שווייגט? איך וויים וואָס דאָס באַטייט. געהט מען, געהט מען! נו, רבי איצי, הערט צו. פאַר אייך שטעהט איינער וואָס האָט אָנגענומען אייער גאָט, דעם אידישען גאָט. וואָלט ער געווען גע-האַט מזל, וואָלט ער איהם געווען געקראָגען בירושה גלייך מיט אייך. נו, האָט ער קיין מזל ניט געהאַט און האָט געמוזט דורכ-ברעכען טהיר-און-טויער כדי צו קומען אהין וואו איהר זענט. איהם האָט ניט געאַארט וואָס ער האָט פאַרלוירען אַלע זיינע ני-טער; איהם האָט ניט געאַארט וואָס ער איז געוואָרען נע-ונד; איהם האָט ניט געאַארט צו ווערען אַ בעל-עגלה גלייך מיט אייך — לעבען מיט אייך, אַרבייטען מיט אייך, הונגערן מיט אייך. דאָס האָב איך מקריב געווען. נו, און איהר? וועט איהר אויך עפּעס מקריב זיין פאַר אייער גאָט? האַ? (פויזע).

ק ר י י ק ע : (ברומט) וואָס שלעפּט ער נאָט אין מיטען אַריין? מיינע בעמבעקעס געהן אויס נאָך אַ ביסעל גערשטען-גריץ.

א י צ י ב י ק : קרייקע, מ׳מוז זיך גוט באַטראַכטען איידער — — —

ק ר י י ק ע : טראַכט וויפיעל דו ווילסט. איך האָב שוין אויסגעטראַכט. אַ גדולה אויף מיר וואָס אַ גראַף איז געוואָרען אַ איד. וואָס׳זשע? קאַרג אידען אויף דער וועלט? ער האָט דיר אויסגעפעהלט, איצי ביק? האַ?

א י צ י ב י ק : כאַפּ ניט, קרייקע! איך האָב נאָך דאָ אויך עפּעס צו זאָגען.

ק ר י י ק ע : זאָג, נו. איך זאָג אַז דער גראַף וועט צוריק-געהן און חתמ׳ענען די פּאַפּירען.

א ב ר ה ם : מעגליך. אָבער געדענק, קרייקע, מיך צוריק-שיקען איז ניט אַזוי גרינג.

ק ר י י ק ע : גרינג צי ניט-גרינג — דו וועסט צוריקגעהן. (צו די בעלי-עגלות) וואָס זאָגט איהר? ער וועט געהן צי ניין?

אַ ל ע : (ברומען) געהן! געהן! געהן!

א י צ י ב י ק : שאַ! שטיל זאָל זיין! רוצחים זענט איהר! (אַ צובראָכענער) אברהם'על, אויב ס'איז ניט קיין סכנה פאַר דיר, פאַרוואָס זאָלסטו טאַקי ניט צוריקגעהן מיט גוטען? גאָט וועט דיר מוחל זיין. ער וועט וויסען אַז דאָס האָסטו געטהון כדי צו ראַטעווען אונזער לעבען. יאָ, ער וועט דיר מוחל זיין.

א ב ר ה ם : איך וועל ניט צוריקגעהן. איך בין אויף אַ לאַנ-גער נסיעה, רבי איצי, און איך בין ניט געוואוינט זיך אומצוקערע-רען אין מיטען וועג. קרייקע שרייט ווייל קרייקע'ן טהוט וועה. אָבער קרייקע ווייסט ניט מיט וועמען ער האָט צו טהון.

ק ר י י ק ע : (לאָזט זיך צו איהם מיט די פויסטען) דו וועסט שוין געהן, זאָג איך. איך וועל דיך צוריקפיהרען אַ געבונדענעם. דו וועסט שוין געהן!

ב ע ל י - ע ג ל ו ת : (רינגלען איהם אַרום, שרייען און פאָכען מיט די פויסטען) געהן; געהן!

א ב ר ה ם : (צולאַכט זיך) איך וועל געהן! איך וועל געהן! שאַ! נור ניט אַהין וואו איהר שיקט מיך. קרעטשמאַר, האָט איהר ערגעץ טינט-און-פעדער און אַ בויגען פּאַפּיר? דערלאַנגט נור אַהער. (זעצט זיך אַוועק ביים טיש און שרייבט; אַ בלייערנע שטילקייט גיסט זיך אויס איבער דער קרעטשמע; ער הויבט זיך אויף און געהט צו אויסטריקענען דאָס פּאַפּיר ביי דעם פייער-שיין פון דער הרובע) רבי איצי, נעהמט דאָס צום בעל-הבית פון די האָלץ-סקלאַדעם. מיט דעם פּאַפּיר אין די הענט, וועט מען איהם שוין לאָזען האַקען האָלץ אין מיין וואַלד. צופריעדען, קרייקע? (לאַכט) דו האָסט פאַר-געסען אַז מ'קען איינעם פיהרען אַ געבונדענעם און ער זאָל אַלץ ניט חתמ'ענען קיין פּאַפּירען ווען ער וויל ניט. נו, איצט וועלען שוין דיינע בעמבעקעס האָבען אַזויפיעל גערשטען-גריץ וויפיעל זיי וועלען נור קענען עסען. יוחנן, קום. צייט פאַר אונז ווייטער געהן.

אִ י צ י ב י ק : אָבער, אברהם׳עלע, וואוהין ווילסטו איצט געהן? ס׳ווערט שפעט און אין דרויסען איז אַ שרעקליכע קעלט.

אברהם: ניט קעלטער ווי דאָ, רבי איצי. ניט געדאגה׳עט.

איצי ביק: אָבער, טאטע-פּאָטערל! בלייב כאָטש אי-בער נאכט!

אברהם: ניין, רבי איצי. איך האָב שוין דאָ מעהר ניט וואָס צו טהון. איהר האָט מיר געעפענט אַ טויער און איך בין דורכגעגאנגען. נו, פאַרהאַלט מיך ניט. מיין וועג איז לאַנג. (ער און יוחנן לאָזען זיך צו דער טהיר).

(פאָרהאַנג)

זעקסט ביל ד

# משיח־ווייען

פערזאָנען:

אברהם
יוחנן
דער מקובל
ערשטער איד
צווייטער איד
דריטער איד
פערטער איד
ערשטער שלעפּער
צווייטער שלעפּער
דער שיפער
אידען, אידענעס, קינדער

## משיח־ווייען

(ביי די ברעגעס פון דניעפּער. — אַ פרייער פּלאַץ אין אַ וועלדעל).

אברהם און יוחנן: (זיצען אויף דעם שטאַם פון אַן איינגעבראָכענעם בוים, זייערע טלימעקלאַך צופוסענס.ביידע שווייגען. פון טייך קומט אַ געזאַנג וואָס וואַקסט פון מינוט צו מינוט).

מענער און קינדער שטימען:

אונזער תפלה האָט גאָט פאַרנומען,
דער גואל־צדק איז געקומען.
געלויבט איז ער, געלויבט זיין נאָמען,
דער גואל־צדק איז געקומען.

האָבען קינדער זיס געחלומ'ט
אין די ווינטער־נעכט, די שטילע;
און געריסען זיך צום הימעל
האָט דעם טאַטענס הייסע תפלה.

און חלומ'ט ווער און בעט אָהן אויפהער,
ד'עם וועט גאָט צום סוף דערהערען —
דער גואל־צדק איז געבוירען
פון קינדער־חלום און פאָטער־טרעהרען.

ווינקט דער הלום פון מרחקים —
אונזער תפלה האָט גאָט פאַרנומען.
ערד און הימעל זינגען שירה:
דער גואל־צדק איז געקומען.

יוחנן: (האָט זיך ווערענד דעם זינגען אויפגעהויבען און אָנגעשטרענגט זיין בליק אויף דעם טייך וואָס זעהט זיך דורך די בוימער) דער אוקרענט האָט זיך אָבגעשטעלט.

אברהם: (פאַרטראַכט) זיך אָבגעשטעלט. און דער געזאַנג האָט אויפגעהערט. אַ שאָד!

יוחנן: לאָמיר צוגעהן און זיי אָבגעבען שלום. קום, אברהם. (לאָזט זיך געהן).

אברהם: וואַרט אַ ווייל, יוחנן. (זינגט שטיל) „ערד און הימעל זינגען שירה, דער גואל-צדק איז געקומען". (פויזע) דו ווייסט, יוחנן, איך האָב מורא צוצוגעהן נעהענטער צו די זינגער פון דעם משיח-געזאַנג.

יוחנן: אברהם, אברהם! פאַרוואָס וועהרסטו דיך געגען זיי?

אברהם: חלילה, איך וועהר זיך ניט. איך האָב פשוט מורא אַז די קדושה פון געזאַנג וועט פאַרשוועכט ווערען ווען איך וועל זיך אָנשטויסען אויף די זינגער.

יוחנן: (מיט רחמנות) און אויף דיר איז נגזר געוואָרען צו געהן אַרונטער, צו די שפּל'דיגע. ערשט איצט זעה איך ווי שווער דאָס קומט דיר אָן.

אברהם: (שמייכעלט) ניט אַזוי שווער ווי דיר, יוחנן. דו אַנטלויפסט.

יוחנן: וואָס הייסט איך אַנטלויף? איך פאַרשטעה דיך ניט, אברהם.

אברהם: אַט דאָס וואָס דו רייסט דיך אַזוי קיין ארץ-ישראל — וואָס איז דאָס אויב ניט אַן אַנטלויפעניש? דו קענסט מעהר ניט איבערטראָגען דעם יאָך פון גלות און ווילסט פאַרקריכען אין אַ ווינקעל און זיך באַהאַלטען פאַר איהם. דו קענסט מעהר ניט וואַרטען אויף משיח'ן און דו ווילסט איהם ברענגען מיט גע-וואַלט — פאַר דיר אַליין.

יוחנן: אפשר ביזטו גערעכט. איך קען מעהר ניט מלחמה האַלטען מיט דער טומאה וואָס רינגעלט מיך אַרום. הער איך די

קלויסטער-גלאָקען קלינגען, ווער איך אַ פּאַרציטערטער; ניט ווייל איך שרעק זיך פאַר זיי — נור ווייל זיי ציהען מיך צו זיך. (פּויזע) שווער צו ווערען אַן אמת'ער איד, אָהן פּניות און אָהן מחשבות זרות. אָבער דאָרט — — — דאָרט — — — —

אַבְרָהָם: וואויל דיר, יוחנן, וואָס ביי דיר איז שוין קיין ספק ניטאָ. דו פיהלסט אַז דאָרט, אין ארץ-ישראל, איז דער קוואַל פון קדושה און דו וועסט געהייליגט ווערען אָט-אַזוי — פּשוט זייענדיג דאָרט. איך, אָבער, האָב נאָך אַלץ ספקות. איך פיהל אַז צו קדושה מוז מען זיך דערדיענען. מען מוז זיך צוברעכען כדי גאַנץ צו ווערען. איך האָב מורא, יוחנן, אַז אָהן פייער קען מען ניט ארויסזיידען דאָס פסולת וואָס מיר האָבען געטראָגען בירושה פון אונזערע אָבות. (זיפצט) יוחנן, דו רייסט דיך אַביסעל צופיעל צום נעכטען. איך זוך דעם מאָרגען.

יוֹחָנָן: דער נעכטען איז פול מיט קדושים וטהורים. דאָרט וועל איך אפשר זוכה זיין צו הערען דעם בת-קול פון זייערע רייד און צווישען זייערע קברים וועל איך ארומגעהן אַ באַפרייטער, אַ דערקוויקטער.

אַבְרָהָם: און וואָס וועט ווערען פון דער ערד אויף וועלכער מיר זיצען? אָט די ערד וויל דאָך אויך אַמאָל געהייליגט ווערען; זי וואַרט דאָך אויף איהר גאולה. יוחנן, עס איז קיין יושר ניט אַז די קברים פון אַלע קדושים זאָלען זיך געפינען בלויז אין איין ווינקעל פון גאָט'ס ערד. (פּויזע) נו, געגנוג. וואו איז אונזער חברותא? דער שיפער וואַרט מסתם אויף אונז.

יוֹחָנָן: פאַרנאַכט וועלען זיך אַלע טרעפען דאָ אין וועלדעל.

אַבְרָהָם: וועלען זיי מסתם באַלד קומען. די זון הויבט זיך אָן זעצען.

(אַ טומעל. אידען, אידענעס און קינדער, שווער באַלאָדען מיט פּעקלאַך און טלימעקלאַך, קומען אָן. פאַראויס — ערשטער שלעפּער).

עֶרְשְׁטֶער שְׁלֶעפֶּר: (שמייענדיג) אַהער, מיינע

ליעבע אידען, אהערן אט דאס איז דאס ווערדעל. איהר זעהט? אט זיצען שוין צוויי און ווארטען אויף אונז.

ערשטער איד: (צו יוחנן) נאך ניטא דער אוקרענט?

יוחנן: שוין דא. ער ווארט אויף אונז.

צווייטער איד: שוין יא דא? נו, זאל מען צוגעהן און זיך באדינגען מיט'ן שיפער.

ערשטער שלעפער: ווארט אביסעל. מיין שותף איז נאך ניטא. ער ברענגט אויך פארשווינען און עס וועט זיין בי-ליגער ווען מ'וועט זיך אינאיינעם באדינגען.

צווייטער איד: אזוי? נאך פארשווינען? וואו'זשע זיינען זיי? אט הויבט זיך אן א ווארטעניש.

דריטער איד: מ'וועט ניט ווארטען, מ'וועט ניט ווארטען. אט קומען זיי.

(פון וועג קומט אן א צווייטע גרופע געפיהרט פון נאך א שלע-פער. דער לעצטער קומט דער מקובל — א לאנגזאמער, א רוהיגער).

ערשטער איד: איצט זיינען שוין אלע דא?

צווייטער איד: ווער ס'איז דא, איז דא. זאל מען צוגעהן צום שיפער און זיך באדינגען.

צווייטער שלעפער: איהר זענט, במחילה, א גרויסער פריץ. וואס הייסט מ'זאל צוגעהן? אדרבא, געהט — און ער וועט פון אייך אבשינדען א פאס. איהר זעצט אייך אוועק דא און ווארט. און איך וועל זיך אריבערכאפען און ברענגען צו פיהרען דעם שיפער אהער. דא וועלען מיר שוין מיט איהם דורכ-קומען.

ערשטער שלעפער: אודאי. דא וועלען מיר שוין דורכקומען — במקח השוה. נו, זיצט. איהר זענט דאך אלע אזוי מיעד. אט באלד קומען מיר צוריק. (ביידע שלעפערס אב).

(זיי לעגען אב זייערע טלימעקלאך און זעצען זיך).

אברהם: (צום ערשטען איד) וואוהין פאהרט איהר? טאקי אקעגען משיח'ן?

ערשטער איד: (זיפצט) יא, נו.

א ב ר ה ם : (צום דריטען איד) און איהר אויך ?

ד ר י ט ע ר  א י ד : (התלהבות'דיג) איך און מיין ווייב און מיינע קינדערלאך — דריי זאלען לעבען.

י ו ח נ ן : איך האב דאך דיר געזאגט אז אלע פאהרען אקעגען משיח'ן. דער אוקרענט קלייבט זיי אויף ביי אלע ברעגעס. (מיט פייער אין די אויגען) א דאנק גאט וואס מיר פאהרען שוין אויך.

א ב ר ה ם : (שמייכעלט) מיר אויך ? נו, מסתם ווייסטו דאך, יוחנן. נור זאג מיר, איך בעט דיך, וואוהין פאהרען מיר ?

י ו ח נ ן : וואס הייסט ? קיין צפת.

ע ר ש ט ע ר  א י ד : ווייס איך וואס ? מיר פאהרען קיין סמירנא.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד : ס'הויבט זיך גארניט אן. וואס פאר סמירנא ? מיר פאהרען קיין סטאמבול.

ד ר י ט ע ר  א י ד : ניט קיין סטאמבול, נור קיין סאלאניק. איך פאהר קיין סאלאניק.

פ ע ר ט ע ר  א י ד : און מיר האט מען בפירוש געזאגט אז פאהרען זאל מען קיין אמשטערדאם, ווייל אין אמשטערדאם גע-פינט זיך איצט — — —

מ ק ו ב ל : אומזיסט אייער שפארעניש, קינדער. הערט וואס איך וועל אייך זאגען.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד : ניטא וואס צו הערען. סטאמבול — זאג איך.

ד ר י ט ע ר  א י ד : דרך-ארץ ! א מקובל, בקי אין נסתר; איינער פון די רואי פני המלכות. שא !

מ ק ו ב ל : סמירנא און סטאמבול און סאלאניק און אמ-שטערדאם זיינען בלויז סטאנציעס. נאך געווען סטאנציעס—קאהיר און עזה און צפת און נאך און נאך. ניט אלץ איז אייך געגעבען געווארען צו וויסען. ווען דער גואל-צדק האט אנגעטהון די טער-קישע יארמולקע אויף זיין הייליגען קאפ, וואס איז דאס געווען ? א סטאנציע. און ווען ער איז למראית-עין נפטר געווארען פון דער וועלט — וואס איז דאס געווען ? ווידער א סטאנציע. אין א סטאנ-

ציע רוהט מען זיך אָב; אין א סטאַנציע באַהאַלט מען זיך פאַר א שטורמווינד. אָבער אין א סטאַנציע בלייבט מען ניט וואוינען. ווען די צייט קומט, הויבט מען זיך אויף און מ'געהט ווייטער. איהר פאַרשטעהט?

פ ע ר ט ע ר א י ד: טיעף, טיעף! איהר זאָגט דאָך דאָס מסתם קעגען דעם וואָס די שונאים — — —

מ ק ו ב ל: דער גואל-צדק האָט ניט קיין שונאים. פאַרהאַן די וואָס האָבען איהם דערקענט; און פאַרהאַן די וואָס האָבען איהם נ אָ ך ניט דערקענט. אָט די זיינען ניט-וויסענדיג די משרתים פון דער סטרא-אחרא און פאַר דער סטרא-אחרא מוז זיך דאָס דער גואל-צדק באַהאַלטען אין אַלערליי סטאַנציעס. זאָלען אייך די סטאַנציעס ניט אַארען. איהר האָט כסדר פאַר די אויגען דעם גואל-צדק וואָס איז דער בכור פון כביכול אליין און וואָס האָט רשות צו רופען זיין פאָטער ביי דעם אמת'ן נאָמען. סוף-כל-סוף וועט ער זיך צו אונז באַווייזען אין זיין גאַנצער גרויס. וואָרים ניט נור וואַרט איהר אויף איהם; ער וואַרט אויף אייך אויך.

י ו ח נ ן: (אַ פאַרציטערטער) זאָגט אונז וואו, זאָגט אונז וואו!

מ ק ו ב ל: (שווייגט אַ מינוט) דו וועסט פאָהרען מיט מיר. אַלע אמת'ע מאמינים וועלען פאָהרען מיט מיר. מיר וועלען איהם אַזוי לאַנג זוכען ביז מיר וועלען איהם געפינען.

א ב ר ה ם: איך האָב מורא — — — שטאַרק מורא — — — אַז איהר וועט איהם ניט דערקענען.

ד ר י ט ע ר א י ד: ווער איז דער צווישען אונז? ער שוואַכט אָב די אמונה. אוי וועה איז מיר.

ע ט ל י כ ע א י ד ע ן: וואָס וויל ער, הא? פאַרמאַכט איהם דאָס מויל! שטיל זאָל זיין!

א ב ר ה ם: (געהט צו צום מקובל; דרייסט) נו, רעדט! און רעדט קלאָהרע דבורים אויב איהר קענט. ווייסט איהר זיין אמת'ן נאָמען?

א י ד ע ן: וואָס שרייט ער? ווער איז ער? יאָגט איהם אוועק!

מקובל: (הויבט אויף די האַנד) שטיל זאָל זיין. איך וועל איהם ענטפערען. נור ענטפערען וועל איך איהם אויף מיין אייגע-נעם שטייגער; ווער ס'וועט פאַרשטעהן, וועט פאַרשטעהן. אין דעם גואל-צדק'ס נאָמען זיינען דאָ זיעבען אותיות — פיער אין ערשטען, דריי אין צווייטען. אין יעדען אות זיינען דאָ סודות און רמזים אָהן אַן ערך און אָהן אַ שעור. נו, הערט אייך גוט צו! דער ערשטער אות איז אַ שין. ווער פון אייך קען דעם סוד פון אַ פשוט'ער שין? אַט זעהט: פון אויבען דריי יודען און אונטען אַ בריק וואָס איז זיי מאחד, וואָס מאַכט פון דריי — איינס. איהר זעהט? פון דריי — איינס. ווער זיינען די דריי? דאָס פאָלק ישראל, די הייליגע תורה און קודשא-בריך-הוא. רייסען זיך די דריי איינער צום אַנדערן, רייסען זיך ווערען איינס און קענען ניט. קומט דער גואל-צדק און ווערט אַ בריק און פון די דריי ווערט איינס. אַ בריק! אַ בריק! וואו דאַרף מען אַ בריק? דאָרט וואו ס'איז דאָ אַ טיעפער תהום. און צו וואָס דאַרף מען אַ בריק? כדי מ'זאָל אויף איהר אריבערגעהן. אַט אין דעם דערקענט מען דעם אמת'ן גואל-צדק. ער איז אַ בריק אויף וועלכער יעדער קען געהן. מ'טרעט איהם מיט די פיס, מ'טראַכט אויף איהם אוים בלבולים, מ'יאָגט איהם פון אָרט צו אָרט און פון סטאַנציע צו סטאַנציע, מ'לעגט איהם אריין אין חרם און ניט נור איז מען איהם מחרים — נור אפילו זיין נאָמען. אָבער די בריק שטעהט און וואַרט אַז אַלע זאָלען אויף איהר אריבערגעהן צו'ן אַ שעהנערער וועלט, צו'ן אַ שעהנער לעבען. די בריק וואַרט, די בריק וואַרט! (פּויזע) אַט דאָס ליעגט באַהאַל-טען אין ערשטען אות. אויב איך זאָל אייך פאַרטייטשען די אי-בריגע אותיות, וועט איהר דאָס, חלילה, ניט איבערטראָגען. דאָס ליכט איז צו שטאַרק און איהר וועט, חלילה, בלינד ווערען. גענוג, גענוג!

אברהם: יוחנן, יוחנן!

יוחנן: (ווי פון חלום) וואָס ווילסטו, אברהם?

אברהם: דו פאַרשטעהסט נאָך אַלץ ניט וואו מיר גע-פינען זיך? (פאַרצווייפעלט) דער בכור פון כביכול. דריי אין איינס.

(שרייט) דריי אין איינס! מיר געהן דאָך צוריק, יוחנן, ניט ווייטער!

יוחנן: (באַהאַלט זיין פּנים) צוברעך מיך ניט. איך האָב שוין מעהר קיין כח ניט. (שפּרינגט אויף) איך קען ניט מעהר!

אידען: (צווישען זיך) וואָס איז מיט די צוויי? עפּעס יאָ אונזערע און עפּעס ניט אונזערע. ווער זיינען זיי?

אברהם: שאַ, שאַ. איך וועל אייך צורוה לאָזען. (רוקט זיך אָב אָן אַ זייט).

שלעפּערס: (קומען צוריק מיט'ן שיפער) אַט איז דער שיפער. אַ פיינער אוקרענט, אַ פיינער ביז גאָר! שוין אַ סך אידען דאָ אויף איהם.

שיפער: וואוהין ווילט איהר פאָהרען, גאַספּאָדאַ?

ערשטער איד: קיין סמירנא.

צווייטער איד: קיין סטאַמבול.

יוחנן: קיין צפת.

דריטער איד: קיין סאַלאָניק.

פערטער איד: טאַקי קיין אַמשטערדאַם.

שיפער: (קראַצט זיך אין קאָפּ) אַלץ דיזעלבע זאַך. איהר פאָהרט אַלע קיין אָדעס.

אידען: (ליאַרמען) וואָס פּלוצלינג קיין אָדעס? אַט האָסטו גאָר אָדעס!

שיפער: איי, אַ געלעכטער! יעדעסמאָל וואָס איך פיהר צעהן פון אייערע מענשען, וויל יעדער פאָהרען ערגעץ אַנדערש. אָבער מיך אַארט ניט. איהר וועט אַלע פאָהרען קיין אָדעס. ווייטער געה איך ניט. נו, קומט. אַ גאָלד-שטיקעל פאַר יעדען קאָפּ.

מקובל: נו, מאַכט אייך גרייט. מיר פאָהרען מיט איהם קיין אָדעס. פון דאָרט וועלען מיר, אם-ירצה-השם, ווייטער פאָהרען. (ער לאָזט זיך געהן פאָראויס; די איבעריגע נעהמען זייערע פעקלאַך און שפּאַנען איהם נאָך).

אברהם: (צו די שלעפּערס) וואָס'זשע? איהר געהט ניט מיט זיי?

ע ר ש ט ע ר ש ל ע פ ע ר : (לאַכט) מיר געהן בלויז ביז צום ברעג. אָבער דערנאָך קעהרען מיר זיך אום.

א ב ר ה ם : סתם אזוי?

צ ו ו י י ט ע ר ש ל ע פ ע ר : ניין ניט סתם אזוי. מיר פיהרען אידען צום אוקרענט; שוין יאָהרען און יאָהרען. אגב אורחא כאַפּט מען אַ פּאָר גראָשען ביים שיפער פאר ברענגען פאַר־שווינען.

א ב ר ה ם : און אייך ציהט גאָרניט געהן מיט זיי?

ע ר ש ט ע ר ש ל ע פ ע ר : (לאַכט) געהן איז אַן עסק; ערגעץ געהן איז אַ נאַרישקייט. דו קום מיט אונז און דו וועסט דערפיהלען דעם טעם פון סתם-געהן און אין ערגעץ ניט אָנקומען.

י ו ח נ ן : (פון וווייטענס) אברהם, אברהם! (קומט צו פאַר־סאָפּעט) וואָס'זשע? דו — — —

א ב ר ה ם : (שמייכעלט) פאָהר געזונטערהייט, יוחנן.

י ו ח נ ן : (ווערט בלייך) אַ גאַנץ לעבען בין איך דיר נאָכגע־גאַנגען ווי אַ שאָטען. און איצט — איצט אז איך האָב געפונען דעם וועג, שיקסטו מיך אליין.

א ב ר ה ם : (שטיל) איך קען ניט, יוחנן. (אַ הייזעריגער) זיי האָבען צוליעב משיח'ן אין גאָט פאַרגעסען. איך מוז געהן מיין וועג; איך קען ניט געהן דיינעם.

י ו ח נ ן : זיי געזונט, אברהם. דער אוקרענט געהט אָב. (געהט און דרעהט זיך אוים) איך וועל פאַר דיר מתפלל זיין אויף די קברים פון די הייליגע אבות. (געהט).

א ב ר ה ם : (לאַכט) זיינע אבות. נו, אַ דאַנק גאָט — ער איז צוריק אין אַ סטאַדע. (לעגט ארויף זיין טלימוקעל אויף דער פּלייצע; צו די שלעפּערס) נו, קומט. (ער און די צוויי שלעפּערס לאָ־זען זיך געהן צו מערב־זייט; די דריי סילהועטען שטעכען זיך שאַרף אָב אין דעם מאַט־רויטען ליכט פון דער פאַרגעהענדער זון).

(פון טייך הערט זיך ווידער דער אָנפאַנג פון משיח־געזאַנג).

(פאָרהאַנג)

## זיבענט בילד
# די חרוב׳ע שוהל

פערזאָנען:

אברהם

דאָץ
לעמעשקע
די ליפּ
נאסילניק
} שלעפּערס

די רויטע מאַכלע
יאָשקע, אַ יונגער לאָבוס
ערשטער גוי
צווייטער גוי
אַ קאַנאָניק, צוויי קלויסטער-וועכטער
שלעפּערס, גויים.

## די חרוב'ע שוהל

(די חרוב'ע שוהל. — אַ ליידיגער ארון־קודש מיט איין טהיר, אַ צובראָכענער. די צוויי דוכן־הענט האַבען בלויז דריי פינגער. אין די שאַפעס עטליכע אַלטע ספרים און אַ סך שמות. שפינוועב וואו דאָס אויג פאַלט. — דורך די פענסטער רייסט זיך אַריין אַ ציכטיג־פרישע פריהלינג־זון).

אברהם: (ביי אַ שטענדער, קוקט אריין אין אַ ספר; פון צייט־צו־צייט הערט זיך זיין קול אין אַ שטילען, טרויער־אָנגעזאַפטען נגון).

שלעפערס: (אין אַלערליי פאָזען, אַרום דער גרויסער הרובע).

דאָץ: איהר הערט ווי מ'קלינגט? שוין פון פאַרטאָג אַזוי. אַז די צייהן אין מויל זאָלען זיי קלינגען.

לעמעשקע: נו, ס'איז חגא, קלינגט מען.

די ליפּ: דאָס רופט מען דיך, דאָץ. פאַרוואָס געהסטו ניט?

דאָץ: זעה נור! די ליפּ שיקט מיך אין קלויסטער אריין. דו בעסער ברעך דעם קאָפּ, וועסטו ווערען אַ למדן. ווייסט איהר כאָטש אַז דאָס קלינגעניש מיט דער חגא וועלען אונז היינט קאָסטען אַ טאָג פדיון? היינט איז גרין־דאָנערשטאָג; אַז די גרינע גאַל זאָלען זיי אויסשפּייען.

לעמעשקע: דאָצ'עניו איז גערעכט. גרין־דאָנערשטאָג איז אַ געוואַלטיגע צערעמאָניע מיט פּראָצעסיעס און אַלערליי שווארץ־יאָהרען. אידען מוזען האַלטען פאַרשלאָסען די קראָמען.

ד אָ ץ : שוין איינמאָל פּראָצעסיעס! מ׳שלעפּט זיך ארום מיט איקאָנעס און צלמים; אז שלעפּען זאָל מען זיי די אָדערן פון האלז. ווייסט איהר אז די גלחים און די פּריצים וואשען די פיס פון די בעטלערס וואס זיצען ביים קלויסטער? יאָ. אזוי זאָלסטו געזונט זיין, נאסילניק.

נ א ס י ל נ י ק : מיט דיר אינאיינעם, דאָץ ברודער, מיט דיר אינאיינעם.

ד י ל י פּ : ציקאווע! פּריצים וואשען די פיס פון בעטלערס? איך וואָלט וועלען זעהן אזא צערעמאָניע.

ד אָ ץ : נו, געהט מען צו צום קלויסטער און מ׳זעהט. (צולאַכט זיך) כאַ, כאַ, כאַ!

ל ע מ ע ש ק ע : און וועסט מסתם קריגען מיט א דובינע איבער׳ן של-ראש. דאָץ ווייסט שוין וואוהין צו שיקען זיינע פריינט-לאַך, אזא יאָהר אויף איהם!

ד י ל י פּ : הייסט עס אז מיר זיינען היינט איינגעלעגט?

נ א ס י ל נ י ק : א דאגה דיר. איך געה שפּיעלען פּיטשע-פּייטשע. צוויי גראָשען א קאָן. צוויי גראָשען! נו, ווער וויל? (נעהמט אַרויס אַ פּעשעל קאָרטען; עטליכע כאַפּען זיך צום שפּיעל).

ד אָ ץ : (קראַצט זיך אין פּאַטילניצע) ליידיג זיצען איז פאר מיר קיין עסק ניט. מיט וועמען קען מען עפּעס פארפיהרען אַן עסק? (פויזע) שאַ! דער דאָרט — — — (ווייזט אויף אברהם׳ען) דאכט זיך א יאָלד. מיר וועלען א טאָפּ טהון.

ל ע מ ע ש ק ע : וועמען דו זוכסט אַרויס! זעהסט דאָך אז ער זיצט און טרייסעלט זיך איבער א ספר. לאָז איהם צורוה.

ד אָ ץ : זאָל זיך דיר לאָזען דאס בלוט פון דער נאָז. קום. א טאָפּ טהון ביים דופּק קען ניט שאַטען. אפשר קען מען איהם אָבשעכטען. (רוקט זיך לאַנגזאם צו צו אברהם׳ן) שלום עליכם. א היגער?

א ב ר ה ם : (קוקט אַניף איהם אַ מינוט מיט אַ פאַרוויינטאָגטען שמייכעל; דאַן) כמעט א היגער. שוין א פּאָר יאָהר ווי איך זיץ דאָ.

ד אָ ץ: וואָס הייסט דאָ? דאָ אין דער חורבה? אַ שעהן זיצעניש! נו — און פּרנסה?

אַ ב ר ה ם: איך וויים? ס'מאַכט זיך אַמאָל אַ שמירה-נאַכט ביי אַ בר-מינן; אַ פּרק משניות צו'ן אַ יאָהרצייט. (פּויזע) אַז מ'פאַסט נאָך צו איינמאָל-צווייאָל אַ וואָך, קומט מען אויס.

ד אָ ץ: לעמעשקע, ביזט גערעכט. אַ ווערעמיגע אַרבעט. (מיט פאַראַכטונג) ניט פון אונזערע.

אַ ב ר ה ם: (שמייכעלט) איך בין אַמאָל געווען איינער פון אייערע. יאָ, געווען. כ'האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער מדינה און געקלאַפּט אין די טהירען — פּונקט ווי איינער פון אייערע.

ד אָ ץ: אָבער זיך ניט אויסגעלערנט די מלאכה, האַ?

אַ ב ר ה ם: דוקא יאָ אויסגעלערנט. נור — — — נור איך האָב אַ טעות געהאַט.

לעמעשקע: אַ טעות געהאַט? אַ שטייגער?

אַ ב ר ה ם: פּשוט. ווען איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט אויף די טהירען מיט אייערע, האָב איך גערעכענט אַז צווישען אייך און גאָט איז ניטאָ מעהר קיין מחיצה. וואָרים אַז מ'האָט גאָרניט, האָט מען דאָך אַלצדינג; און אַז מ'האָט ניט קיין היים, האָט מען דאָך די גאַנצע וועלט; און אַז מ'האָט ניט קיין האָר, האָט מען דאָך גאָט. אָט דאָס איז געווען מיין חשבון. איהר פאַרשטעהט?

ד אָ ץ: (מיט אַ ביטערע ווינק) וואָס דען, איך פאַרשטעה ניט? קלאָהר ווי פּאַסאָליע-באָרשט.

אַ ב ר ה ם: (הערט איהם ניט) נו? האָט זיך אויסגעלאָזט אַז אייערע זיינען ניט מעהר ווי אַראָבגעקומענע בעלי-בתים; ניט מעהר ווי יורדים. אַרונטערגעקראָכען פון לייטער ניט ווייל זיי האָבען געוואָלט פּיהלען פעסטע ערד אונטער זייערע פיס, נור ווייל מ'האָט זיי אַרונטערגעבריקעט. יורדים! (פּויזע) דוקאַטען, גילדען, פּרוטות — יעדע מטבע האָט זיך איהרע אייגענע קנעכט און איהרע אייגענע גנבים.

ד אָ ץ: לעמעשקע, מיר דאַכט זיך אַז ער האָט אונז גערופען

גנבים. ווייס איך ניט צי זאָל איך איהם געבען אַז אתה-הראית אין זייט אריין, צי ניין. וואָס זאָגסט דו?

לעמעשקע: (שלעפּט אַוועק דאָצ'ן) משוגע ביזטו געוואָרען? דו זעהסט דאָך אַז דו האָסט צו טהון מיט אַ פורים-גראַגער. (דרעהט מיט אַ פינגער ביים שטערן) פּשוט!

דאָץ: אויך גערעכט. נו, לאָז מיך אָב; איך וועל איהם ניט טשעפּען. אָבער — — — ער קען זאָגען. געמוזט אמאָל זיין אַ מגיד. (רופט) לאַפּאַצאַנעס! מיר האָבען דערטאַפּט אַ פויגעל. אהער קומט!

שלעפּערס: (קומען צו און גרופּירען זיך ארום אברהם'ן).

דאָץ: אנו, מגיד, זאָג עפּעס פאַר'ן עולם; אָבער אַזוי, גע-פּעפּערט און געזאַלצען.

דילף: נאָך וואָס זאָגען, נאָך וואָס? אפשר קען ער זינגען אַ זמר'ל? (געלעכטער).

לעמעשקע: אַ מגיד איז ער; ניט קיין חזן. ער וועט עפּעס זאָגען.

נאַסילניק: אדרבא! היינט איז יום-טוב, גרין-דאָנערש-טאג. זאָל ער עפּעס זאָגען לכבוד גרין-דאָנערשטאג. (לאַכט; שלע-פּערס לאַכען מיט אין אַלערליי משונה'דיגע קולות).

אברהם: דאַנקען גאָט וואָס איהר קענט לאַכען אין טאָג פון גרין-דאָנערשטאג. ניט יעדער קען דאָס. איהר זעהט אָט די שוהל מיט דעם ליידיגען ארון-קודש? חורבות, הא? דאָס האָט פּאַסירט אין אַ גרין-דאָנערשטאג — יאָהרען און יאָהרען צוריק.

דילף: אהא! אַ מעשה! ער געהט אונז דערצעהלען אַ מעשה. פיין!

שלעפּערס: (טומלען) אַ מעשה! אַ מעשה! (מאַכען אַ וואַרע).

אברהם: די מעשה איז ניט דער עיקר. איך ווייס די מעשה און זי איז איינע פון טויזענד, פון צעהן-טויזענד. דער עיקר איז די סיבה פון דער מעשה און דאָס ווייסט איהר ניט. לאָמיך

איך זאָגען שטילערהייט: מיר זיינען שותפים צו די וואָס האָבען חרוב געמאַכט די שוהל מיט דעם ארון-קודש. יאָ — שותפים. מיר זיינען שולדיג וואָס זיי האָבען אַ גרין-דאָנערשטאַג. מיר האָבען זיי געהייסען וואַשען די געשוואָלענע און אומריינע פיס פון בעט-לערם. מיר האָבען געהייסען און זייערע קיסרים און פאַרפומירטע גלחים מוזען פאַלגען און זיי זיינען בייז — זעהר בייז.

ד אָ ץ: ווער האָט געהייסען? מיר? דאָץ און נאַסילניק און לעמעשקע און די ליפּ האָבען געהייסען וואַשען די פיס פון בעט-לערם און מ׳פאָלגט. אודאי! (שטעקט אַריין דעם פינגער אין גאָרגעל און קרעהט ווי אַ האָן) קיקי-ריקערו! (שלעפּערם לאַבען, פּייפען און טומלען זיך).

ד י ל י פּ: שאַ! שטיל זאָל זיין! שלאָגט איהם ניט איבער. נו, מגיד, גערבר׳ט!

א ב ר ה ם: איך וועל דבר׳ן, אויב איהר וועט נור הערען. איך קום פון דרויסען און איך בין, אזוי צו זאָגען, אַ גאַסט וואָס איז געבליבען וואוינען. זעה איך דאָס וואָס איהר קענט אזוי לייכט ניט זעהן. (קורצע פּויזע) איך רעכען אז מיר האָבען זיי געטהון אַן עולה. מיר האָבען זיי עפּעס געגעבען, נור ניט מיט דער פולער האַנד. געגעבען — און ניט דערגעבען. מיר האָבען זיי, למשל, געגעבען גרין-דאָנערשטאַג; אָבער ניט דעם שכל, דעם טעם פון גרין-דאָנערשטאַג. קענען זיי דאָס ניט איבערטראָגען און מאַכען חרוב שוהלען. האָבען מיר געמאַכט אַן התחלה, מוזען מיר ענדי-גען. אויף העלפט געהט ניט. אויפ׳ן אָרט פון גאָט האָבען מיר זיי געגעבען אַ במקום-גאָט און מענשען וואָס דיענען אַ במקום-גאָט וואַשען די פיס פון בעטלערם און מאַכען חרוב שוהלען דעמזעלבען טאָג.

ד י ל י פּ: גאָט! במקום-גאָט! איהר האָט געהערט? וואָס איז אזוינס אַ במקום-גאָט?

ד אָ ץ: דו, מגיד, וואָס איז דאָס אזוינס אַ במקום-גאָט? נו, רעד! (געלעכטער).

נ אַ ס י ל נ י ק: פיהר איהם ארויף צום ארון-קודש, דאָץ.

אז ער קען יאָ אַזוי גוט דרש'ענען, דאַרף מען איהם אַרויפיהרען צום ארון-קודש. אַנו!

ד אָ ץ: אויך אַ געדאַנק. היידאַ! אַרויף צום ארון-קודש, מגיד. (שטופּט איהם אַרויף אויף די טרעפּלאַך, צווישען דעם וויסטען געלעכטער און ליאַרם פון די שלעפּערס).

א ב ר ה ם: (שטעהט פאַר דעם חרוב'ען ארון־קודש ווי פאַר־שטיינערט. ליאַרם ווערט ווילדער).

ד י ר ו י ט ע מ אַ כ ל ע: (קומט אַריין, דערזעהט דאָס בילד און רייסט זיך דורך די שלעפּערס) זעה נור די גדולה! וואָס ווילט איהר פון איהם, וואָס? (שרייט) אַרחי-ופרחי'ניקעס! איך וועל אייך די קעפּ צושפּאַלטען. איהר הערט? (געהט אַרויף, נעהמט אַברהם'ן ביי דער האַנד און פיהרט איהם צוריק צו זיין שטענדער) בלייך ווי די וואַנד! נאָך הייגט אין מויל ניט געהאַט. טרעט אָב! שלעפּערס וואָס איהר זענט! (נעהמט אַרויס פון אונטער'ן שאַל אַ טעפּעל געקעכץ און אַ שטיק שוואַרץ ברויט) איך האָב אייך געבראַכט אַ ביסעל וואַרימס, רבי אברהם. געהט וואַשט אייך.

א ב ר ה ם: אַ דאַנק. שפּעטער.

מ אַ כ ל ע: איהר מעגט אַמאָל איבערהיפּען אַ דאַנערשטאָג און ניט פאַסטען. (צו די איבעריגע) אַ שוואַכער מענש — און וויל דוקא פאַסטען מאָנטאַג און דאָנערשטאַג. הייגט, רבי אברהם, וועל איך אייך ניט לאָזען. נו, געהט וואַשט אייך. געהט, געהט!

א ב ר ה ם: (שמייכעלט) האָסט דיך איינגעשפּאַרט, מאַכלע? נו, זאָל זיין ווי דו ווילסט. (געהט לאַנגזאַם אָב אין פּאָליש אַריין).

מ אַ כ ל ע: איהר האָט געמאַכט פון איהם חוכא-וטלולא, האַ? ווען איהר זאָלט נור וויסען ווער דאָס איז! (שטילער) דאָס איז דאָך דער גר-צדק.

ד אָ ץ: דער ווער?

מ אַ כ ל ע: איהר האָט ניט געהערט פון גר-צדק? איהר זענט קיין איד ניט?

ל ע מ ע ש ק ע: וואָס? דער גראַף וואָס איז געוואָרען אַ איד מיט אַ צעהן-צוועלף יאָהר צוריק? האַ?

ד אָ ץ: שאַ, דוכט זיך אַז איך האָב אויך אַמאָל געהערט די מעשה. נור איך האָב געמיינט אַז דאָס איז גלאַט אַ בייקע, אַזוי ווי אין חומש. אָט דאָס איז ער טאַקי? נו, חברה, מ'טאָר ניט טשעפּען. אָבטרעטען! (שלעפּערס געהן אַוועק צו דער הרובע).

מ אַ כ ל ע: (צו לעמעשקע'ן און דאָץ'ן) שוין איבער צוויי יאָהר וואָס ער זיצט דאָ. שטיל ווי אַ טויב. זיצט און לערנט און פאַסט תעניתים. איך וויל ניט זינדיגען מיט די רייד, נור ווען איך ברענג ניט אַמאָל אַ ביסעל געקעכץ — — — (דערזעהט אַברהם'ן) אָט קומט ער.

א ב ר ה ם: (קומט צוריק. ער מאַכט „המוציא" איבער'ן ברויט און עסט אונגערן).

מ אַ כ ל ע: איך וועל דאָ וואַרטען אַ ביסעל. (זעצט זיך) עסט געזונטערהייט, רבי אברהם. (צו די צוויי שלעפּערס) וואָס שטעהט איהר, וואָס? איהר זעהט דאָך אַז ס'וואַרגט איהם דער ביסען.

ד אָ ץ: זאָל דיך וואַרגען אַ טאָטער. קום, לעמעשקע. (געהן צו דער הרובע).

(פון דרויסען הערט זיך ווידער די קלינגעריי פון קלויסטער-גלאָקען).

נ אַ ס י ל נ י ק: (וואָס איז ארויס אין פּאַליש, קומט צוריק אַ פאַרשמייעטער) די פּראָצעסיע! מ'קען זי זעהן פון די פּאַליש-פענסטער. קומט! (אַב; די איבריגע נאָך איהם).

מ אַ כ ל ע: זיי לויפען קוקען אויפ'ן בייז וואונדער. און אייך קלאַפּט נעבאך דאָס האַרץ.

א ב ר ה ם: זיי וועט ניט שאַטען, מאַכלע. זיי ווייסען ניט וואָס זיי זעהן. איך בין זיי מקנא.

מ אַ כ ל ע: טאַקי דאָ וועמען מקנא צו זיין. (פּויזע) ווען איהר פאָלגט מיך, רבי אברהם, און הערט אייך אויף וואַלגערן דאָ אין דער חרוב'ער שוהל — — — נור וואָס איז דאָ צו ריידען?

י אָ ש ק ע: (באַווייזט זיך אין אַ פענסטער, קריכט אַרויף און זעצט זיך אַוועק רייטענדיג אויף דעם געזימס).

מ אַ כ ל ע: זעה נור ווער ס'איז דאָ! יאָשקעלע!

י אָ ש ק ע : מאַכלע די רויטע, זאָלסט ווערען אַ טויטע. (שטעלט איהר אַרויס אַ צונג).

א ב ר ה ם : (דערזעהט איהם און ווערט אַ פאַרציטערטער; ער רוקט אָב דאָס ניט־פאַרענדיגטע מאַלצייט אָן אַ זייט; שטילערהייט) איך בעט דיך, מאַכלע, נעהם איהם אַוועק אויב דו קענסט.

מ א כ ל ע : (מיט אַן אָנגעשטעלטער גוטמוטיגקייט) ווי קומסטו אהער, יאָשקע? אין חדר אַריין געהט מען היינט ניט?

י אָ ש ק ע : דער רבי האָט צייהנווייהטאָג; הלואי אויף דיר אָהן זיין שאָדען.

מ א כ ל ע : די מאַמע אויס'ן אויג! אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע, יאָשקע, אָבער געה שוין.

י אָ ש ק ע : ס'איז ניט דיין שוהל, מאַכלע די רויטע. האָסט אפשר מורא פאַר אַ גוט-אויג?

מ א כ ל ע : (פאַרלירט די געדולד) געה שוין, דו — — —

י אָ ש ק ע : שאַ, ווייסטו וואָס? דו זאָג מיר וואָס דו ביזט איצט, צי אַ גרושה צי אַן אלמנה, און איך וועל מיר געהן מיין וועג. מיין מאַמע זאָגט אַז זי איז שוין אַרויס פון חשבון און אַז אויב דו האָסט חתונה מיט'ן גר-צדק וועט זי ניט וויסען צי דאָס איז דיין פערטער מאַן אָדער גאָר דער פינפטער.

מ א כ ל ע : זאָלען מיינע שונאים שוין זאָגען ודוי וואָס אין גיכסטען. (שרייט) און אַז דו טראָגסט דיך ניט אָב פון דאַנען, וועל איך דיך צוקיילען ווי אַ חזיר.

י אָ ש ק ע : דו ריהר מיך נור אָן און מיין מאַמע וועט דיר צושפּאַלטען דעם רויטען קאָפּ. (פאַרשנעפּעלט זיך) מאַכלע די רויטע שעהמט זיך נעבאך פאַר איהר חתן. אַ קדחת וועסטו מיט איהם חתונה האָבען. איך וויים עפּעס, איך וויים עפּעס.

א ב ר ה ם : וואָס ווייסט ער, וואָס? וואָס וויל ער, וואָס? וועט ער מיך קיינמאָל ניט אויפהערען מוטשען? (אין פאַרצווייפ־לונג) נעהם איהם אַוועק!

י אָ ש ק ע : ניט מיך — איהם וועט מען אַוועקנעהמען.

מיין טאַטע זאָגט אַז איין וואָרט צום קאַנאָניק און מען וועט איהם שוין טהון זיין רעכט. בעסער זאָל קיינער ניט טשעפּען יאַשקע׳ן. בעסער ניט.

אברהם: (אָטהעמט שווער) איז מעגליך אַז דאָס איז אַ אידיש קינד? אַזוי פיעל חוצפּה און אַזוי פיעל רשעות האָב איך זעלטען געטראָפען ביי אידען. (ער פאַרלירט זיך און ברומט צווישען די צייהנער) אַ גוי׳אישער ממזר איז דאָס! אַ גוי׳אישער ממזר!

מאכלע: (צולאַכט זיך; רוקט זיך צו נעהענטער און רעדט אין אַ מעהר אינטימען טאָן) קענסט ניט זיין מאַמע, אברהם. זי איז ניט חלילה קיין צנועה. נור דאָס איז אַזאַ מאוס׳קייט אַז איהר קען קיינמאָל קיין שלעכטס ניט פּאַסירען. קיינער וועט זיך — —

יאַשקע: (שרייט) וואָס האָסטו געזאָגט אויף מיין מאַמע, וואָס? די צייהן וועל איך דיר אויסהאַקען, דו רויטע שפּלה! איך וועל מיט אייך ביידע לערנען בלק. דעם גר ווילסטו? אַ קדחת וועסטו איהם קריגען. היינט נאָך וועט דער קאַנאָניק וויסען ווער עס באַהאַלט זיך אין דער חרוב׳ער שוהל.

מאכלע: (שטיל) פריהער וועל איך דיך דערהרג׳ענען (כאַפּט אַ זייט פון אַ שטענדער און לאָזט זיך צום פענסטער).

יאַשקע: געוואַלט! ראַטעוועט! (וויל ארונטערשפּרינגען פון פענסטער, פאַרלירט זיין גלייכגעוויכט און פאַלט אַרויס אין דרויסען, שרייענדיג).

אברהם און מאכלע: (זיצען ווי פאַרשטיינערט וועהרענד די פאָלגענדע סצענע שפּיעלט זיך אָב אין דרויסען הינטער דעם פענסטער).

יאַשקע: ראַטעוועט! זיי האָבען מיך דערהרג׳עט!

ערשטער גוי: דו, אידישער כלאָפּעץ, שטעה אויף. וואָס שרייסטו, וואָס? זעהסט ניט אַז דאָרט קומט אַ הייליגע פּראָצעסיע?

יאַשקע: (יאָמערט) זיי האָבען מיך דערהרג׳עט!

צווייטער גוי: ווער האָט דיך געטשעפּעט, ווער? נו, רעד!

יאַשקע: אינוועניג זיינען זיי און פּאַליובען זיך.

(די צוויי גויים שטעקען אריין זייערע קעפּ דורכ'ן פענסטער).

ערשטער גוי: דאָס איז דאָך די רויטע מאַכלע. און ווער איז דאָס דער פּאַראַבאָק איהרער?

יאַשקע: (פון דרויסען) דאָס איז אַ גוי וואָס האָט זיך געשמד'ט אויף אַ איד; אַז פאַרברענט זאָל ער ווערען.

צווייטער גוי: אַ וואָס איז ער? אַ גוי וואָס פאַר־שטעלט זיך פאַר אַ איד?

יאַשקע: יאָ! ער האָט מורא די גלחים וועלען איהם כאַפּען. ער האָט זיך איבערגעקעהרט.

ערשטער גוי: אזוי! איך פאַרשטעה. געוועזען אונזע־רער און איז געוואָרען אַ איד.

צווייטער גוי: אַז אַפּאָסטאַט! נו, וואָס טהוט מען, האַ?

ערשטער גוי: דער אויסזעהן איז ניט קיין קריסטלי־כער. אפשר אַ ליגען. און ווידער — אפשר איז אמת? אזוי־צי־אזוי — דעם קאַנאַניק מוז מען דערצעהלען.

צווייטער גוי: גוט. איך וועל צולויפען צו דער פּראָצעסיע און דו וואַרט דאָ און האַלט אַן אויג. דו, כלאָפּעץ, דו קום מיט מיר. (פאַרשווינדט).

מאַכלע: (ברעכט די הענט) רבי אברהם.

אברהם: (ווי צו זיך אַליין) מעהר אַנטלויף איך ניט. נו, מאַכלע, געזעגען זיך.

מאַכלע: רעדט ניט פון געזעגנען, רבי אברהם. איך וועל אריבערלויפען צום רב. איך וועל רייסען טהיר־און־טויער. איך וועל — — —

אברהם: אַ שאָד דיין מיה, אידישע טאָכטער. איך בין מיעד. איך וויל זיך מעהר ניט באַהאַלטען. איך וויל ניט. איך וויל ניט.

מאַכלע: (אין אַ ווילדען כעס) און אַ אידיש קינד האָט

איהם געמסר'ט. ער וועט ניט שטאַרבען מיט זיין אייגענעם טויט.
(שרייט) ניט מיט זיין אייגענעם טויט!

אברהם: (מיטגעריסען פון איהר כעס) ניין, ניין! ניט ביז צעהן דורות! (שווערע פויזע) וואָס האָב איך געזאָגט? ווי האָב איך אויף זיך גענומען אַרויסצורעדען די ווערטער? (צובראָכען) וואָס איז דאָס אינגעל שולדיג וואָס די השגחה האָט איהם אויס־געקליבען פאַר איהר קאַשער-שטיין? (זיפצט שווער) אַ גאַנצע וועלט האָט מיך ניט בייגעקומען און אַ קליין אינגעל האָט מיך מנצח געווען. נו, גענוג! געה געזונטערהייט, מאַכלע, און זאָל דיר גאָט געבען אריכות-ימים.

(שלעפּערס לויפען אַריין דערשראָקענע).

לעמעשקע: די גלחים געהן אַהער.

נאָסילניק: זיי זוכען דעם גר-צדק!

דאָץ: (לויפט צו צו אברהם'ן) צייט זיך אָבצוטראָגען, רבי אברהם. איך וועל זאָגען אַז דאָס בין איך דער גר-צדק. איך וועל זיי שוין פאַרדרעהען די קעפּ. נו! דורך יענעם פענסטער. גיך!

אברהם: (רוהיג) ניין! (אַ ליכטיגער שמייכעל באַווייזט זיך אויף זיין פּנים).

(פון פּאָליש קומען אַריין דער קאַנאָניק, באַגלייט פון צוויי קלויס־טער־וועכטער מיט פּיקעס אין די הענט. שלעפּערס און גויים פילען אָן די סצענע אין הינטערגרונד).

(פאָרהאַנג)

אכט ביילד

# דער לעצטער טויער

פּערזאָנען:

אברהם
דער ערץ-בישאָף
דער קאַנאָניק
דער יונגער מקובל
דער לאַנד-שתדלן
ערשטער פּרנס
צווייטער פּרנס
ערשטער איד
צווייטער איד
ערשטער קלויסטער-וועכטער
צווייטער קלויסטער-וועכטער
צוויי אַקאָליטען
אידען, גויים, קלויסטער-וועכטער
גלחים, אַקאָליטען

## דער לעצטער טויער

(פאָר־הויף פאַר דער קלויסטער־תפיסה פון דער הייליגער אינקוויזיציע. — דריי טויערן. — אין הינטערגרונד: אַ ניעדריגער בויגען־טויער, דער אַריינגאַנג אין קלויסטער־תפיסה. — רעכטס: אַן אָפענער טויער וואָס פיהרט צו דער גאַס; פון ביידע זייטען טויער, אַ פּלויט פון אייזערנע גראַטעס. — לינקס: אַ מאַסיווער, הילצערנער טויער וואָס פיהרט אין דעם גרויסען קלויסטער־הויף. ווען דער טויער עפענט זיך ברייט, כאַפּט דאָס אויג אַ בליק אויף דעם שייטער־הויפען. — קלויסטער־וועכטער באַוואַכען אַלע דריי טויערן; אַנדערע מאַרשירען אויף־און־אַב אין הויף. — דורך די אייזערנע גראַטעס, רעכטס, זעהן זיך די דערשראָקענע פּנים'ער פון אידען וואָס וואַרטען צו כאַפּען דעם לעצטען בליק פון גר־צדק).

(קורצע פויזע נאָכדעם ווי דער פאָרהאַנג געהט אויף; באַלד הערט זיך דאָס קלינגען פון קליינע גלעקלאַך און די שטימע פון קאַנאָניק).

קאַנאָניק: (פון גאָס) הערט-הערט! ווען דער זייגער וועט שלאָגען דריי, וועט מען דורכפיהרען דעם הייליגען אַקט אויף דעם אַפּאָסטאַט וואָס רופט זיך אברהם דער זוהן פון אברהם. ער האָט פאַרלאָזען די הייליגע קירכע; ער איז געוואָרען אַן אונגלויביגער און אַ איד. ווייסט עמיצער פאַרוואָס מ'זאָל איהם ניט פאַרברענען? זאָל ער רעדען איצט, איידער ס'איז צו שפּעט. הערט-הערט!

צוויי אַקאָליטען: הערט-הערט!

ק ל ו י ס ט ע ר - װ ע כ ט ע ר : (כאַפּען אויף דעם געשריי, איינער נאָך דעם צווייטען) הערט-הערט!

ק א נ אָ נ י ק : (איז וועהרענד דעם אַריינגעקומען דורך דעם אָפענעם טויער, באַגלייט פון די צוויי אַקאָליטען מיט גלעקלאך אין די הענט; ער שפּאַנט לאַנגזאַם צו דעם הילצערנעם טויער, לינקס. אַ קלויסטער-װעכטער עפענט דעם טויער און אַלע דריי פאַרשווינדען אין דעם גרויסען הויף; באַלד הערט זיך זיין קול פון יענער זייט) הערט-הערט! ווען דער זייגער וועט שלאָגען דריי, וועט מען דורכפיהרען דעם הייליגען אַקט אויף דעם אַפּאָסטאַט וואָס רופט זיך אברהם דער זוהן פון אברהם. ער האָט פארלאָזען — — — (דאָס קול פאַרלירט זיך אין דער ווייטקייט; פּויזע; דאַן דערהערט זיך ווידער דער ברום פון די קלויסטער-װעכטער אינוועניג: „הערט-הערט!").

(וועהרענד דעם שטראָמען אַריין דורך דעם אָפענעם טויער גרופּען פון גויים אין זייערע חגא-קליידער; זיי געהן שוויינענדיג פארביי און פאַרשווינדען אין דעם גרויסען הויף).

י ו נ ג ע ר  מ ק ו ב ל : (כאַפּט זיך אַריין אין הויף איני-איינעם מיט אַ גרופּע גויים. ער איז בלאַס און דערשראָקען און זוכט אַ ווינקעל וואו זיך צו באַהאַלטען).

ע ר ש ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : (דערזעהט איהם) דו! וואוהין געהסטו? אידען טאָרען ניט אַריינקומען.

י ו נ ג ע ר  מ ק ו ב ל : לאָז מיך — — — איך וויל — — — איך וויל זעהן רבי אברהם'ן. עפּעס זאָגען — — —

א י ד ע ן : (פון יענער זייט פּלויט) זעהט נור! דער יונגער מקובל! וועה איז מיר!

א נ ד ע ר ע  א י ד ע ן : (שרייען) קום אַרויס! קום אַרויס! אַ סכנה!

צ װ י י ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : (שרייט) הערט אויף ליאַר-מען! שטיל! (קומט צו) וואָס וויל דער דאָ?

ע ר ש ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : ער וויל זעהן דעם אַפּאָסטאַט. ער וויל איהם עפּעס געבען.

צווייטער וועכטער: (לאַכט) דאָס אַלץ? (צום יונגען מקובל) טראָג זיך אָבּ ן גיך ן (שטופּט איהם צום טויער).

יונגער מקובל: (וועהרט זיך) אויף איין מינוט ן איך בעט דיך. לאָז מיך וואַרטען דאָ ביז ער וועט אַרויסקומען.

אידען: (אין שרעק) קום אַרויס ן קום אַרויס ן

יונגער מקובל: (היסטעריש) בעט מ'זאָל מיך צו־לאָזען צו איהם. איך וועל איהם ראַטעווען פון פייער. איך האָב אַ — — —

אידען: ער זאָגט ער וועט איהם ראַטעווען. איהר הערט?

יונגער מקובל: — — — קמיע. יאָ. איך האָב אַ קמיע. דאָס פייער וועט אויף איהם קיין שליטה ניט האָבען.

ערשטער איד: צעהן גילדען אויב איהר לאָזט איהם צו.

צווייטער איד: איך גיב אַ רענדעל.

צווייטער וועכטער: (קוקט זיך איבער מיט זיין חבר; דאַן) צו שפּעט ן מ'קען ניט איצט.

יונגער מקובל: (אַ פאַרצווייפעלטער) און די קמיע איז בקבלה פון חנניה מישאל ועזריה. איין־און־צוואַנציג טעג האָב איך געפאַסט רצופים כדי זי אָנצושרייבען מיט אַלע כונות. (ברעכט די הענט) וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען?

צווייטער וועכטער: (בייז) הער אויף צו שרייען ן געה צו אַלדי שוואַרצע יאָהר ן (שטופּט איהם אַרויס דורך אָפענעם טויער, ווען ס'דערהערט זיך דאָס קלינגען פון די גלעקלאַך).

קאַנאָניק: (מיט די צוויי אַקאָליטען, קומט צוריק פון גרויסען הויף; ווי פריהער) הערט־הערט ן ווען דער זייגער וועט שלאָגען דריי — — —

אידען: (טומלען) דער לאַנד־שתדלן ן די פּרנסים ן

קלויסטער־וועכטער: שאַ ן שטיל ן (לאָזען זיך צו די אידען מיט זייערע פּיקעס).

קאַנאָניק: ווער וואַגט עס צו טומלען דאָ ביי די טויע־רען פון דער הייליגער אינקוויזיציע?

ע ר ש ט ע ר  ו ו ע כ ט ע ר : אין דרויסן שטעהן דריי אידען וואָס ווילען זעהן דעם ערץ־בישאָף.

ק אַ נ אָ נ י ק : האָ? לאָזען ניט אָפּ ביז דער לעצטער מינוט. (צום וועכטער) דער ערץ־בישאָף קען זיי ניט זעהן. ער איז פאַר־נומען. ער גרייט צו דעם אַפּאַסטאַט צום הייליגען אַקט.

ע ר ש ט ע ר  ו ו ע כ ט ע ר : זיי ווילען ניט אַוועקגעהן. זיי קומען פון קעניג, זאָגען זיי.

ק אַ נ אָ נ י ק : אידען אין שליחות פון קעניג צו דער היי־ליגער אינקוויזיציע? די ערדישע מאַכט פאַרגעסט אָפּט איהרע גרעניצען — — — ברענג זיי אריין אין הויף.

ע ר ש ט ע ר  ו ו ע כ ט ע ר : (אַב. קומט צוריק מיט דעם לאַנד־שתדלן און די צוויי פרנסים).

ק אַ נ אָ נ י ק : וואָס ווילט איהר?

ש ת ד ל ן : מיר ווילען זעהן דעם ערץ־בישאָף. מיר קומען פון זיין העכסטער מאַיעסטעט, פון גנעדיגען קעניג.

ק אַ נ אָ נ י ק : פון גנעדיגען קעניג, האָ? און וואָס איז אייער שליחות?

ע ר ש ט ע ר  פ ר נ ס : (אונגעדולדיג) צום ערץ־בישאָף אליין ווילען מיר. ניטאָ קיין צייט צו פאַרלירען!

ק אַ נ אָ נ י ק : ניט אַזוי שאַרף, איד. (ברומט) ניטאָ קיין גרעניץ צו דער חוצפּה פון די קריסטוס־מערדער.

צ ו ו י י ט ע ר  פ ר נ ס : (תחנונים'דיג) נו, בעטען מיר, בעטען מיר. נעהמט אונז צום ערץ־בישאָף.

ק אַ נ אָ נ י ק : צום ערץ־בישאָף, האָ? (דער קלויסטער־גלאָק קלינגט אוים דריי. זיינע אויגען בליצען אויף) צו שפּעט! די הייליגע פּראָצעסיע קומט ארויס פון דאַנען! (טופּעט מיט'ן פוס) ארויס! ארויס!

ש ת ד ל ן : (אַ הייזעריגער) מיר בלייבען דאָ.

(אין דער מינוט עפענען זיך די בויגען־טויערן פון קלויסטער־תפיסה און די פּראָצעסיע קומט לאַנגזאַם ארויס: ערץ־בישאָף, גלחים, מאָנאַכען, אַקאָליטען).

אברהם: (געפיהרט פון צוויי קלויסטער-וועכטער, איז אָנ־געטהון אין דעם „סאַן בעניטאָ" קיטעל, באַמאָלט מיט בלוט־רויטע קרייצען און פייער־שפּייענדיגע טייוואָלים).

קאַנאָניק: (צום ערץ־בישאָף) הייליגער פּאָטער, מיר האָבען שליחים פון קעניג.

ערץ-בישאָף: אזוי? (שמייכעלט) איך מוז זאָגען אז איך האָב זיך גערעכט אויף זיי. וואו זיינען זיי?

קאַנאָניק: (ווייזט אויף די דריי אידען) אָט די האָט דער קעניג אויסגעקליבען.

ערץ-בישאָף: אהא! ווער פון אייך רעדט דאָס אין נאָמען פון זיין מאיעסטעט?

שתדלן: אויב דער עהרווירדיגער פּאָטער וועט ערלוי־בען — — —

ערץ-בישאָף: איך ערלויב! איך ערלויב! איך ווייס אז זיין מאַיעסטעט איז זעהר גוט צו זיינע קאַמער-קנעכט. ער איז א ווייך-הערציגער מאָנארך, אויב די דוקאַטען וואָס מ׳ברענגט איהם האָבען נור די פולע וואָג. נו, אַפּילו אַ קעניג שפּייט ניט אויף פינף טויזענד דוקאַטען. אָדער איז דאָס געווען צעהן טויזענד? (לאַכט) כא, כא, כאַ!

קאַנאָניק: דער זייגער האָט געשלאָגען דריי, הייליגער פּאָטער.

ערץ-בישאָף: יאָ, יאָ. געשלאָגען דריי. נו, מיינע ליעבע פריינד, די קירכע וויל זיך ניט מישען אין די פינאַנצען פון דער קרוין. פינף טויזענד, צעהן טויזענד — אזוי לאַנג ווי זיי זיינען פול-וואָגיג מאַכט ניט אויס. האָט איהר דעם גנאַד-דעקרעט מיט אייך?

שתדלן: מיר זיינען אַוועק איידער מ׳האָט איהם געענדיגט אָנשרייבען. אָבער דער קעניגליכער שטאַפעט וועט דאָ זיין אָט-באַלד. מיר ווילען בעטען אז מ׳זאָל וואַרטען אויף איהם.

ערץ-בישאָף: אזוי? איהר זענט ניט די שליחים פון

קעניג? איהר זענט בלויז געקומען בעטען מ׳זאָל וואַרטען אויף דעם שליח. (פויזע) אָבער אַזוי ווי מיר ווייסען דערווייל ניט צי דער קע-ניגליכער שטאַפעט איז אויפ׳ן וועג און אַזוי ווי דער הייליגער סינאָד האָט באַשטימט דריי אַזייגער פאַר דעם הייליגען אַקט, וועלען מיר דערווייל טהון אונזער פליכט. בין איך ניט גערעכט, קאַנאָניק?

ש ת ד ל ן : (פאַלט אויף די קניעס) האָט רחמנות, עהרווירדי-גער פאָטער! ס׳איז דאָך אין אייער האַנד. דער שטאַפעט איז אויפ׳ן וועג. אין אַ פאָר מינוט, אין אַ האַלבער שעה — —

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : (שמייכעלט) אָבער דערווייל איז ער ניטאָ. ווי קען איך זיך פאַרלאָזען אויף דעם בלויזען וואָרט פון אַ איד? ווילסטו אַז איך זאָל זיך שטעלען געגען דעם באַפעהל פון דעם הייליגען סינאָד און אייביג ברענען אין גיהנום?

ע ר ש ט ע ר פ ר נ ס : (אויפגערעגט) מיר רעדען אין נאָ-מען פון זיין העכסטער מאַיעסטעט. דער קעניג האָט באַפוילען אַז — — —

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : שאַ. נאָך וואָס אויפהויבען דאָס קול דאָ, וואו יעדער רעדט שטיל? ניט נויטיג, ניט נויטיג. (פויזע) בלויז איינער קען אייך העלפען, אויב ער וועט וועלען. דאָס איז אייער פריינד וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון דער הייליגער קירכע.

ש ת ד ל ן : ווי אַזוי?

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : אויב ער וויל זיך צוריקקעהרען אין דעם שויס פון אמת׳ן גלויבען און וויל ווייטער פאַרבלייבען צווישען די ווענד פון דעם קלויסטער, כדי ניט ווידער פאַרפיהרט צו ווע-רען פון שטן, וועלען מיר וואַרטען אויף דעם קעניגליכען דעקרעט. נו, רעדט מיט איהם. אפשר. (טרעט אָב אָן אַ זייט).

א ב ר ה ם : רעדט ניט. ניטאָ וואָס.

ש ת ד ל ן : לאָמיר נור געווינען אַ ביסעל צייט. אַזוי לאַנג ווי מ׳לעבט — — —

א ב ר ה ם : געהט, מיינע ברידער, געהט. צו וואָס זיך

וואַלגערן אין שטויב און פאַר מיר אויסבעטען עפּעס וואָס איך וויל ניט מעהר? איך בין אָנגעקומען צו דער לעצטער סטאַנציע. די היים רופט. נאָך וואָס וואַרטען?

ערשטער פּרנס: (צוטומעלט) וואָס הייסט? ער — — — ער וויל שטאַרבען? פאַרברענט ווערען?

אברהם: איך וויל ניט דעם קעניג'ס גנאָד, ווען זי איז איבריג. וואָס ציטערט איהר? וואָס וויינט איהר? דאָס לעבען איז שרעקליכער ווי דער טויט און איך האָב אפילו פאַר דעם לעבען קיין מורא ניט געהאַט, אַזוי לאַנג ווי איך האָב עס געוואָלט. (פּויזע) געהט, מיינע ברידער, און זאָגט די ניעדריגע און די שפּל'דיגע, דורך ווענמען מיין וועג צו גאָט האָט געפיהרט, אַז איך האָב סוף-כל-סוף געמוזט אַריבער די לעצטע גרעניץ. גאָט האָט מיך באַשאַפען אַ גרעניץ-ברעכער און איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט. אין רויזען-גאָרטען און אויפ'ן יסורים-וועג האָב איך זיך קיינמאָל ניט אָבגע-שטעלט פאַר פאַרשלאָסענע טויערן. אין זינד און אין תשובה האָב איך דורכגעבראָכען אַלע פּלויטען און דערגאַנגען ביז צום סוף. נאָך איין טויער וואַרט אויף מיר — דער לעצטער טויער. זאָל איך אָבווישען אַ גאַנץ לעבען צוליעב אַן איבריגען טאָג?

צווייטער פּרנס: (קאָנוואולסיוו) האָט רחמנות, האָט רחמנות! דאָס פייער וואָס פלאַמט דאָרט אין יענעם הויף וועט אייביג ברענען אין אונזער האַרץ. האָט רחמנות!

אברהם: נור איצט ברענט דאָס פייער. שפּעטער וועט דאָס לייכטען — אייך און זיי. די ערד אויף וועלכער איהר זענט פרעמדע וועט פון מיין אַש פאַר אייך געהייליגט ווערען. איהר זענט פרעמדע; אָבער איך ניט. איך שטאַם פון דער דאָזיגער ערד און דורך אייך בין איך צו איהר צוריקגעקומען אַ געלייטערטער און אַ באַפרייטער. איך וועל פאַרשניידען דעם בונד צווישען אייך און דער דאָזיגער ערד. געהט, מיינע ברידער. מיין טויט וועט אייך ברענגען אַ גרעסערע ברכה ווי מיין לעבען.

שתדלן און פּרנסים: (בויגען איין די קעפּ און געהן אַב שווייגענדיגע).

ע ר ץ - ב י ש אָ ף (קומט צו) וואָס זאָגט אברהם דער זוהן פון אברהם?

א ב ר ה ם : מעג איך זיך אָבזאָגען פון קעניגס גנאָד?

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : א שאָד! נור אפילו א קעניג קען קיינעם ניט צווינגען צו לעבען.

א ב ר ה ם : זאָג איך זיך אָב.

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : קאַנאָניק, הייס עפענען די טויערן.

ק א נ אָ נ י ק : (מיט התלהבות) עפענט די טויערן!

(קלויסטער־וועכטער עפענען די טויערן פון גרויסען הויף; דער גאָלדענער גלאַנץ פון ברענענדיגען שייטער־הויפען טהוט א קלאַפּ אין די אויגען).

ע ר ץ - ב י ש אָ ף : (הויבט אויף די האַנד) אין נאָמען פון פאָטער, פון זוהן און פון הייליגען גייסט!

(פראָצעסיע זעצט זיך אין באַוועגונג).

א י ד ע ן : (פון דרויסען) אברהם! אברהם!

א ב ר ה ם : (הויבט אויף דעם קאָפּ) הנני!

(גלעקער־געקלאַנג; די פּראָצעסיע דערגרייכט דעם טויער פון גרוי־סען הויף).

(פאָרהאַנג)

## א ווינק צו די שוישפּיעלער

גראָל־רעאַליסטיש געשפּיעלט און שאַרף באַטאָנט, ווערט „דעם צדיק׳ס נסיעה“ פּיעל פּאַרלירען פון דער מילדער ראָמאַנטיק צו וועלכער דער מחבר האָט געשטרעבט. פרעהליך, אָבער ניט הילכ־דיג; פאַרקלעהרט, אָבער ניט פאַרכמורעט — אָט דאָס איז רער שליסעל צו דעם געוואונשטען קינסטלערישען רושם, צו דעם אָק־וואַרעל־קאָלאָריט אין וועלכען דאָס שטיק מוז אוועקגעשטעלט ווערען. אויב ניט, איז די סכנה זעהר גרויס אַז די חסידישע בייקע וועט אַרויסקומען געשמאַקלאָז און אַבסורד.

אין אמת׳ן איז „דעם צדיק׳ס נסיעה“ ניט מעהר ווי אַ מאַסקען־שפּיעל, מיט אַ שטריך פון קינדערישער נאַאיוויטעט. די וואַכעדיגע ווירקליכקייט האָט דאָ קיין פּלאַץ ניט. די אינסצעני־רונג מוז ווערען אַ פּריזמאַ־שפּיעל פון אַ נעכטען וואָס טליהעט נאָך קוים־קוים אין זכרון און דורך דעם גאַנצען פאַנטאַסטישען געוועב מוז זיך דורכשנירלען אַ שטילינקער שמייכעל —

— דער שמייכעל פון דעם עלטער־זיידע (מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד און בושיגע אויגען־ברעמען) בשעת ער דערצעהלט זיינע אור־אייניקלאַך (שבת־פאַרנאַכט, צווישען מנחה און מעריב) די מעשה מיט די זיעבען גזלנים.

## פערזאָנען:

דער צדיק הדור (שפּעטער: „דער בעל־עגלה")

| | |
|---|---|
| ר' מישעל סופר<br>ר' עוזר<br>ר' דוב־בער<br>יאיר | דעם צדיק'ס מקורבים |

סענדער, אַ חסיד

חיים גבאי

דאָמיניע, דעם צדיק'ס בעל־עגלה

דריי יושבים

אַ רעדעל חסידים

ר' אביש גראָלניס

מינצי, זיין ווייב

העשעל, זייער בן־יחיד

פראַדעל, העשעל'ס יונגע ווייבעל

הערש־געצעל, אַן אַלטער בראַנפּען־ברענער אין גראַלניע

דער אַלטער ציגיינער

ליילאַ

אַ ציגיינער מיט אַ פיעדעל

אַ באַנדע ציגיינער (פון „יענע")

אָרט: אין די קאַרפּאַטען־בערג.

צייט: אַן ערך הונדערט יאָהר צוריק.

## ערשטער אַקט

# דער צדיק דערזעהט אַ ליכט

(די מנין־שטוב ביים צדיק־הדור. אין דער הינטערשטער וואַנד, צוויי קוואַדראַטנע פענסטער. צווישען זיי אַן ארון־קודש מיט אַן עמוד. אַביסעל אַבגערוקט רעכטס, דעם צדיק׳ס שטענדער. — אין דער רעכטער וואַנד, אַ פּאָר טרעפּלאַך צו אַ גרויסער טהיר (הויפּט־איינגאַנג). פון איין זייט טהיר, אַ שאַפע מיט ספרים; פון דער אַנדערער, אַ מעשענער כיור מיט אַ האַנטוך. — אין דער לינקער וואַנד, אַ טהיר וואָס פיהרט אין דעם צדיק׳ס חדרים. — אין מיטען שטוב, אַ דעמבענער טיש; בענק פון ביידע זייטען; אויבען־אָן אַ מאַסאַווע הילצערנער שטוהל).

(אַ מיט־זומער אויף־דער־נאַכט).

(דעם צדיק׳ס מנין האַלט אין ענדיגען מעריב. דער צדיק שטעהט ביי זיין שטענדער, דאָס פנים אַבגעקעהרט פון עולם. די שטוב איז מילד באַלויכטען פון די ליכט אין די הענגלייכטער און אין דער מעשענער מנורת. דורך די פענסטער זעהט זיך דאָס פערל־גרויע ליכט פון אַ לבנת־נאַכט).

ר׳ עוזר: (ביים עמוד) — הוא יעשה שלום — עלינו ועל כל ישראל — ואמרו אמן.

אלע: אמן. (קורצע פויזע. דער עולם וואַרט אויף עפּעס).

דער צדיק: (שטיל און בנעימות׳דיג)

אוי, אל תירא — מפחד פתאום,

ומשואת — רשעים, רשעים — כי תבוא.

עצו עצה — ותופר,
דברו דבר — ולא יקום,
(דרעהט זיך אוים צום עולם)
כי, כי — כי עמנו — עמנו, עמנו, עמנו אל.
(בשעת ער זינגט „עמנו" האַלט ער זיינע מקורבים און חסידים, איי־נעם נאָכ'ן אַנדערען, מיט גרויס ליעבשאַפט; הויבט דאַן אָן שפּאַנען אויף און אָב און זאָגט ווייטער)
ועד זקנה — אני הוא,
ועד שיבה אני אסבול;
ווייל דו, גאָטעניו, ווילסט אזוי,
אני עשיתי — ואני אשא;
ואני — מיט דיין הילף — אסבול, אוי! אסבול:
אָבער, סוף־כל־סוף — ואמלט.
(געהט צו צום טיש; זיינע אויגען לייכטען מיט אַ הארציגען שמייכעל)
', קינדער, אבגעגעבען דעם רבונו־של־עולם זיינס, געהט'זשע אהיים עסען וועטשערע און זאָל אייך וואויל באקומען
חסידים: (לאָזען זיך צו דער טהיר) אַ גוטע נאַכט, רבי. אַ גוטע נאַכט. (אַלע אָב, חוץ די מקורבים, חיים גבאי און די דריי יושבים).
דער צדיק: אַ גוטע נאַכט, קינדער, אַ גוטע נאַכט. (טהוט אַ געשריי) דו, סענדער, קום נור אַהער!
סענדער: (וואָס איז שוין כמעט געווען אויף יענער זייט טהיר, קומט צוריק און שטעהט מיט אַן ארונטערגעלאָזטען קאָפּ).
דער צדיק: (ברוגז) פאַרוואָס קוקסטו מיר ניט גלייך אין די אויגען אַריין, סענדער? הויב נור אויף דעם קאָפּ. אזוי! (שמייכלענדיג) זעה נור, מישעל. איך האָב איהם שוין ווידער גע־כאַפּט ביי דער האַנד.
ר' מישעל: וואָס'זשע, סענדער? ווידער נעשלאָגען די פּרנסה? ניטאָ אויף שבת, האַ?

דער צדיק: וואס הייסט: ניטא אויף שבת? און אויף מיטען־וואך האט ער? סענדער, פע!

סענדער: (שעמעוודיג) ענג איז מיר אביסעל; מאקי אמת. אויף שבת וועט נאך מסתם גאט העלפען.

דער צדיק: ווען רעכענסטו וועלען דיינע שיפען אנ־קומען, סענדער? הא?

סענדער: (לאכט פארשעהמט) נו — ס'איז דאך שוין ריענסטאג אויף־דער־נאכט. איז היינט און מארגען שוין ניטא וואס צו רעכענען און דאנערשטאג איז דאך עפעס יאריד. ס'וועט זיך מסתם מאכען אביסעל ווייץ צו קויפען. איך ווייס?

דער צדיק: שקרן וואס דו ביזט! ווייץ וועט ער קויפען. האסט דען מיט וואס צו קויפען? איך זעה אין דיין נאז אז דיין פלונית'טע האט ניט מיט וואס צו קאכען וועטשערע היינט אויף־דער־נאכט. הער'זשע מיך אויס, סענדער. דו זאלסט אויפ־הערען מאכען מנאריעס. דו ווילסט אז איך זאל ברוגז ווערען? (צו חיים גבאי) קום נור אהער, חיים.

חיים גבאי: (רוקט זיך אב צו דער טהיר לינקס) בנאמנות, רבי, כ'האב ניט. אוועקגעגעבען יאסעל מעהלשענקער דעם לעצטען גראשען. בנאמנות.

דער צדיק: וואס זאגסט דו, מישעל? זאל איך זיך פארלאזען אויף חיים'ס נאמנות? איא, ניין? נו, קום'זשע אהער, חיים.

חיים גבאי: אז איך האב ניט איז דאך ניט שייך!

דער צדיק: ס'איז שוין גאר שייך. דוב־בער, דו ביזט דאך עפעס א גברא־רבא; זעה, אפשר וועסט דו ביי איהם פועל'ן.

ר' דוב־בער: אנו, חיים, מאך ניט קיין מחזקות. (טהוט איהם א כאפ ביים ארעם) לעדיג נור אויס די קעשענעס.

חיים גבאי: (שרייט) לאזט אב! כ'וועל אויסלעדיגען. (באפרייט זיך פון דוב־בער'ן און הויבט אן אויסלעדיגען די קעשענעס)

איך ווייס? אפשר האבען זיך ערגעץ פארוואלגערט א פאר מטבעות.
(סוף־כל־סוף שלעפט ער ארויס עטליכע גראשען און דערלאנגט זיי סענדער'ן) אט האסטו מיין גאנץ פארמעגען.

דער צדיק: (לאכט) געלויבט השם־יתברך וואס חיים ווייסט ווי אזוי אבצוהיטען דעם גראשען. אז ניט וואס וואלטען געוועןן געטהון היינט אויף־דער־נאכט די סענדערקע מיט די פינף קינדערלעך? (צו סענדער'ן) נו, סענדער, דאס איז חיי־שעה, אויף וועטשערע הייסט עס. און מארגען כאפ זיך אריין אהער. ס'קען זיך דאך מאכען אז איך זאל נתעשר ווערען, וועלען מיר דאנערשטאג אויפ'ן יאריד קויפען א זעקעל ווייץ בשותפות. (צו חיים'ן) ס'קען זיך מאכען, חיים? הא? און איצט האב מיר א גוטע נאכט, סענ־דער.

סענדער: א גוטע נאכט, רבי, און זאל אייך גאט — —

דער צדיק: (פארשטאפט זיך די אויערען) שא!! ברכות געבען איז ניט דיין עסק, סענדער. דאס איז מיין עסק! געה שוין און האב מיר א גוטע נאכט.

סענדער: (אב רעכטס).

דער צדיק: קום נור אהער, חיים. זאג דעם אמת: ביזט ברוגז אויף מיר?

חיים גבאי: וואס איז שייך ברוגז? ס'איז עפעס מיינס? דאס בארדרפעניש איז גרויס; קיין עין־הרע אזוי פיעל מיילער. און אז די רביצין קען ניט אויסקומען צו וועמען האט זי טענות? צו חיים גבאי. נור אזוי ווי ס'איז דאך פארט ניט מיינס —

דער צדיק: און מיינס איז דאס? פערד וואס דו ביזט! מיינס? דער רבונו־של־עולם האט מיך ניט געמאכט פאר קיין חלפן. ער בארגט מיר אמאל. נו, באצאהל איך. אפשר וואלסטו געוואלט איך זאל ווערען אן אנזעצער, חיים?

ערשטער יושב: (מיט התלהבות) געהערט דבורים?

צווייטער יושב: הייליגע דבורים!

דריטער יושב: פערל מיט בריליאנטען!

דער צדיק: פאָרדעם אָבער, חיים, בין איך דיר מבטיח אַז היינט ביינאַכט וועסטו גאָר געשמאַק שלאָפען.

ר' עוזר: וואָס איז די כונה, רבי?

דער צדיק: גאָר פשוט: כסף וזהב איז בגמטריא הדא לצים; גאָלד מיט זילבער זיינען ווי די ניט־גוטע. און די ניט־גוטע, רחמנא לצלן, לאָזען ניט שלאָפען. אַזוי ווי אָבער חיים האָט ניט קיין מטבע אין קעשענע, וועט ער שלאָפען ווי נאָך אַ באָד. איי, קינדער, ווען די וועלט וואָלט כאָטש אַביסעל שכל געהאַט.

ר' דוב־בער: אַ טיעף וואָרט, רבי. טיעף, טיעף!

די דריי יושבים: (אין עקסטאַז) אַוואַ! כסף וזהב הדא לצים. אַוואַ!

ר' עוזר: מישעל, מ'דאַרף דאָס וואָרט פאַרשרייבען.

ר' מישעל: יאָ פאַרשרייבען, ניט פאַרשרייבען — דער עיקר איז: מ'דאַרף געדענקען.

דער צדיק: (לאַכט) ווי איך זעה האָט תורה שבכתב זיך צואַמפּערט מיט תורה שבעל־פּה.

ר' מישעל: ס'לעגט זיך אויפ'ן שכל אַז נאָכדעם ווי מ'פאַרשרייבט, איז מען זיך סומך אויף דעם געשריעבענעם און מ'הויבט אָן פאַרגעסען.

ר' עוזר: יאָ! אָבער אַזוי ווי אַ מענש לעבט דאָך ניט אייביג און זיך פאַרלאָזען אויפ'ן זכרון איז אויך ניט תמיד —

דער צדיק: לאָזט אָב, קינדער. הערט אייך צו און איך וועל אייך עפּעס זאָגען. תורה שבכתב — צו וואָס איז זי געגלעבענט געוואָרען? צו'ן אַ פעלזען. דאָס איז די תורה פון דעם באַרג סיני. אַ באַרג! קיינער קען איהם ניט ריהרען פון אָרט. און אויב עמיצער איז אַ שוואַכער איז בעסער פאַר איהם ער זאָל זיך אָנהאַלטען אַז דעם פעלזען, אַן דעם שטאַרקען באַרג. קומט אָבער

די תורה שבעל־פה און זי איז שוין געגלעכענט געווארען ניט צו׳ן א פעלזען, ניט צו׳ן א בארג, נור צו דעם ים — דער ים התלמוד. גרויס איז דער ים. אין איהם זיינען דא אבגרונטען און טיעפעניי־שען. אויף איהם בלאזען שטורם-ווינטען און ס׳הויבען זיך אויף גרויסע כוואליעס, מורא׳דיגע אינדען. וויל עמיצער שווי־מען אין ים מוז ער האבען שטארקע ארעמס, מוז ער האבען א גוטען אטעם. ער מוז זיין א שווימער. ס׳איז אבער נאך דא א דריטע תורה — די תורה שבלב. (פארטראכט זיך א מינוט) די תורה פון הארץ, די תורה פון הארץ — צו וואס זאל איך דיך פאר־גלייכען? (שווייגט א מינוט) ניין! צו דער תורה פון הארץ איז ניטא קיין פארגלייכעניש. ניטא! און דארט וואו ס׳הערען זיך אויף די פארגלייכענישען דארט הויבט זיך אן דער נצח שבאין־סוף, דאס וואס האט ניט קיין גרעניצען, דאס וואס איז אייביג. אט די תורה, זאג איך אייך, דארף מען ניט פארשרייבען, מען דארף ניט געדענקען און אפילו ניט משיג זיין. מען איז. מען איז! ווייל דער וואס באהעפט זיך אין דער תורה שבלב דערגרייכט די מדרגה פון אהיה און ווערט א קרוב למלכות וואס איז אהיה אשר אהיה. (קורצע פויזע) האט איהר אייך גוט צוגעהערט?

די דריי יושבים: (איינער צום צווייטען) פאר־שטאנען? (ענטפערן צוזאמען) ניין. אפשר, אמאל.

ר׳ עוזר: (שטיל) מישעל, מ׳דארף פארשרייבען.

ר׳ מישעל: ניין, עוזר. איך זאג מ׳דארף געדענקען.

דער צדיק: (שמייכעלט) שוואכע קעפ, נעבאך. מיר האבען דאך ערשט גערעדט אז מ׳דארף ניט פארשרייבען און ניט געדענקען. (ס׳הערט זיך קלאפען אין טהיר לינקס) חיים, דאכט זיך מ׳קלאפט פון דער רביצין.

חיים גבאי: (שטעקט אריין דעם קאפ אין דער טהיר לינקס און דרעהט זיך אויס) די רביצין לאזט בעטען: וועטשערע איז פארטיג.

דער צדיק: חיים, בעט די רביצין אז זי זאָל אַזוי גוט זיין און נאָך וואַרטען אַביסעל.

חיים גבאי (ווי פריהער) די רביצין וויל וויסען אויף וואָס מ׳וואַרט?

דער צדיק: אויב די רביצין וויל וויסען, וועל איך איהר זאָגען. איך וואַרט אויף יאַיר׳ן. איך רעכען אַז ער איז מחויב באַלד אָנצוקומען.

חיים גבאי: נו, אַט האָסטו אַ וואָרטעניש. יענער איז שוין אַ קימאַ־ל׳ן צוויי וואָכען אויף אַ נסיעה. ווער ווייס וואו ער איז ערגעץ?

דער צדיק: איך ווייס וואו ער איז ערגעץ. איך וועל וואַרטען אויף איהם מיט וועטשערע.

חיים גבאי: נו, נו. דערווייל קען אויסגעהן דאָס חיות וואַרטענדיג אויף איהם. פון וואַנען ווייסט דער רבי אַז ער קומט צוריק היינט אויף־דער־נאַכט?

ר׳ דוב־בער: הער נור, דו! וואָס הייסט דו פרעגסט דעם רבי פון וואַנען ער ווייסט? דו! חיים׳קע!

דער צדיק: (לאַכט) זיי דיך ניט מרגז, דוב־בער. חיים איז דאָך גערעכט. פון וואַנען ווייס איך טאַקי אַז יאַיר קומט צוריק היינט אויף־דער־נאַכט? איז דער תירוץ גאָר פשוט. אי־בערמאָרגען איז דאָ אַ יאַריד אין שטאָדט; פאָהרען דאָך סוחרים אויפ׳ן יאַריד, וועט זיך יאַיר׳ן טרעפען אַ ביליגע פוהר.

ר׳ דוב־בער: (ענטוישט) אַזוי גאָר? פשוט!

די דריי יושבים: אַזוי! פשוט. גאָר פשוט.

דער צדיק: (שמייכעלט) דוב־בער וויל דוקא רוח־הקודש. מיט אַביסעל פּראָסטען שכל איז ער ניט צופריעדען. איי, דוב־בער, דוב־בער. דו ביזט שוין דאָ וואָסערע אַכציהן יאָהר און דו ווייסט נאָך אַלץ ניט ווער איך בין. (קורצע פויזע) ווייסט איהר גאָר וואָס, קינדער? לאָמיר היינט ביינאַכט פּראַווען צוויי טישען.

עוזר, דוב־בער, חיים — איהר געהט צום ערשטען טיש. מישעל, דו און איך וועלען וואַרטען אויף יאיר׳ן.

ח י י ם   ג ב א י :   איך אייל זיך אפילו ניט. נור אַז דער רבי אליין הייסט, דאַרף מען געהן. נו, רבי עוזר, רבי דוב־בער. נו, קומט! (אַב לינקס).

ר׳ ד ו ב ־ ב ע ר :   ס׳איז ניט קיין דרך־ארץ. איך וואָלט ליעבער געוואַרט, רבי.

ד ע ר   צ ד י ק :   (הויבט זיך אויף און שטופּט דוב־בער׳ן פּאַמעלאַך צו דער טהיר) מאַך ניט קיין שהיות, דוב־בער. דו ביזט קיין עין־הרע אַ בעל־בשר און אַז דו מאַכסט אַ מוציא איבער ברויט איז ביים רבונו־של־עולם אַזוי חשוב ווי ווען איך זאָג ברכת־התורה.

ד י   ד ר י י   י ו ש ב י ם :   אַוואַ! געהערט אַ מדרגה?

ד ע ר   צ ד י ק :   (צו די יושבים) און איהר, קעסט־קינדער מיינע, איהר דאַרפט אויך ניט פאַסטען. נו, געהט, קינדער, עסט און זאָל אייך וואויל באַקומען.

(אַלע אַב חוץ דעם צדיק און ר׳ מישעל).

ר׳ מ י ש ע ל :   (געהט צו צו דער ספרים־שאַפע, נעהמט אַרויס אַ ספר און קוקט אין איהם אַריין שטעהענדיג).

ד ע ר   צ ד י ק :   (פאַרויבערט דערווייל זיין ליולקע־ציבוך און דרעהט זיך אַרום אַ פּאָר מינוט איבער דער שטוב שווייגענדיג).

ר׳ מ י ש ע ל :   רבי, איהר וועט מיר מוחל זיין. איך האָב אייך געוואָלט פרעגען —

ד ע ר   צ ד י ק :   (בייז) אַז דו האָסט געוואָלט פרעגען, פאַרוואָס האָסטו ניט געפרעגט?

ר׳ מ י ש ע ל :   מכח יאיר׳ס נסיעה —

ד ע ר   צ ד י ק :   אודאי מכח יאיר׳ס נסיעה. שוין צוויי וואָכען וואַרט איך דו זאָלסט מיך פרעגען און דו שווייגסט!

ר׳ מ י ש ע ל :   איך האָב מורא געהאַט, רבי. ווער קען

ווינסען? אפשר איז דאס אן ענין — אפשר לפני ולפנים?

דער צדיק: מישעל, דו האסט צופיעל דרך־ארץ. א שעהנע מדה ביי א פראסטען מענש — ניט ביי דיר. הייסט עס דו ווילסט וויסען וואוהין איך האב געשיקט יאיר'ן? הער'זשע און איך וועל דיר דערצעהלען. (רוּיבּערט די ליולקע און פארטראכט זיך אויף א מינוט) געדענקסט ווען מיר זיינען מיט א הודש צוריק אהיים געפאהרען פון מיין זעליגעל'ס חתונה? נו, געדענקסטו דאך מסתם אז איך בין געווען שטארק צוטראגען. איך בין געווען ניט פאר קיין שום איך געזאגט, א שרוי בעצבות. מיין הארץ האט אין מיר געוויינט. יצאוני בני, מיינע קינדער האבען מיך פאר־לאזען. ניטא ווער עס זאל נעהמען ירושה. ניטא.

ר' מישעל: איך פארשטעה ניט, רבי. וואס הייסט ס'איז ניטא ווער עס זאל נעהמען ירושה? קיין־עין־הרע דריי זיהן —

דער צדיק: איך זעה שוין, מישעל, אז דו פאר־שטעהסט ניט. דריי זיהן! מ'קען האבען צוועלף און שטארבען א בעזדיעטניק. דער עלטסטער איז א סוחר. עובדיה מיינער קויפט פלאקס, פארקויפט פלאקס — און שבת נאכ'ן שלאפען לערנט ער א בלאט גמרא. מענדעל איז א רב און צוליעב א נאדעל אין פופיק לעגט ער איין וועלטען. נו, און דער אינגסטער, זעליגעל, איז סתם א שוואכער, א חלוש; קען ניט איבערטראגען קיין שום זאך און וועט שוין מסתם בלייבען כל ימיו אן איידעם אויף קעסט. נו, מישעל, וועמען פון זיי זאל איך עס איבערלאזען מיין ירושה?

ר' מישעל: דער רבי־זאל־לעבען רעדט, הייסט עס, וועגען — — —

דער צדיק: יא, יא, וועגען דעם רעד איך. ווער פון מיינע זיהן וועט אויף זיך נעהמען די שווערע משא? אידען האבען צרות: אידען ווילען פרנסה; אידען זוכען א מורה דרך; אידען דארפען א סיעתא דשמיא. איך קען דאך ניט איבערלאזען די

וועלט אויף הפקר, מישעל! (פויזע) איצט פארשטעהסטו שוין פארוואס איך בין געווען אזוי צובראכען ווען איך בין צוריקגע־פאהרען פון מיין מוזינעקס חתונה? דריי קדיש־זאגערס און ניט איין זוהן! ניט איינעם!

ר׳ מישעל: (א דערשראקענער) נו, רבי, וואס׳זשע וועט זיין? הא?

דער צדיק: זעהסטו, אויף דער קשיא, דאכט זיך, האב איך א תירוץ — יאיר׳ס שליחות. און אט וועל איך דיר דערצעהלען בסדר. ווען מיר זיינען צוריקגעפאהרען פון מיין זע־ליגעל׳ס חתונה, האב איך אויף דער צווייטער נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט. אין מח האט געבויערט דיין קשיא: וואס׳זשע וועט זיין? וואס׳זשע וועט זיין? איהר האט אלע געשמאק געשלאפען אין ביידעל און איך בין געזעסען לעבען דאמיניע׳ן אויף דער קעל־ניע און מיר געגריזשעט דאס הארץ. מיר פאהרען אזוי אין דער פינסטער, ווען ס׳טהוט פלוצלינג א בליאסק צווישען די בוימער. ערגעץ האט א ליכט א פינקעל געטהון. פאלט מיר איין אז דאס איז אן אות מן השמים. הייס איך דאמיניען אז ער זאל זיך אבשטעלען און איך לאז זיך אוועק זוכען דאס ליכט. בקצור, איך האב ארומ־געבלאנדזשעט בארג־אראב, בארג־ארויף, ביז איך בין צוגעקומען צו א גרויסען הויף וואס האט אויסגעקוקט אזוי ווי א גראלניע. איך געה אריין אין הויף און טהו א קוק: ס׳לייכט זיך אין א פענסטער און א יונגערמאן דרעהט זיך ארום איבער דער שטוב און ציהט מוחות. איך רוק זיך צו נעהענטער און זעה, אז דאס איז ניט אבי־ווער. ראשית — א הדרת־פנים, אן אמת׳ער בן־מלך. והשנית, זעה איך אז זיין מהלך אז ער איז פון די געהויבענע. ווארים — פארשטעה מיך, מישעל — ווען ער זיצט געווען און לערנט, איז ער א מתמיד. נו? פארהאנען מתמידים אויף דער וועלט. וואלט ער געווען געזעסען און אבגערעכט חצות, איז ער א פרומער יונגערמאן און פרומע יונגעלייט מאנגעלט אודאי ניט ביי אידען.

ער אבער האט ניט געלערנט און נים געזאגט — ער האט גע־טראכט. דאס, זעהסטו, איז שוין א גאנץ אנדערער עניין. שווייגען און טראכטען — דאס איז די לייטער צו די עולמות העליונים. און אזוי ווי איך בין געשטאנען און אריינגעקוקט אין זיין ליכ־טיגער צורה, איז מיר פלוצלינג לייכטער געווארען אויפ'ן הארץ; מיין טרויער האט זיך פון מיר אבגעטהון. (כאפט אן מישלען ביי די אקסלען) מישעל ברודער, מישעל טייערער, דו פארשטעהסט?

ר' מ י ש ע ל : הייסט עס, רבי — — הייסט עס, אז יענער יונגערמאן איז שוין דערהויבען געווארען — — ?

ד ע ר צ ד י ק : דערווייל האב איך געשיקט יאיר'ן אויס־געפינען כל־שורש־דבר — ווער ער איז, וואס ער איז. איך וויים? אפשר האב איך א טעות געהאט? (דערשרעקט זיך פאר זיי־נע אייגענע ווערטער) ניין, ניין! חלילה וחס! נור אידער וואס־ווען, מוז איך דאך וויסען מה טיבו! דערווייל ווייס איך אפילו ניט ווי ער הייסט, אדער ווער זיין טאטע איז. נו, האב איך גע־שיקט יאיר'ן און אזוי ווי ער איז דאך א מחבל אויף די זאכען, וועט ער אונז שוין אלץ דערצעהלען. (פארטראכט זיך אויף א מינוט; געהט אויף און אב) נו, מישעל, דו פארשטעהסט וואוהין איך ציעל?

ר' מ י ש ע ל : איך הויב אן פארשטעהן. (פלוצלינג מיט גרוים דבקות) דער רבי זאל מאריך ימים ושנים זיין ביז משיח וועט קומען!

ד ע ר צ ד י ק : (אין עקסטאז) אור חדש, טאטעניו — א נייע ליכט, פאטערל — על ציון תאיר — על ציון תאיר — זאל לייכטען אויף ציון — ונזכה — מיר זאלען זוכה זיין — כולנו — מיר אלע — במהרה לאורו — במהרה לאורו — לאורו —

(פון דרויסען הערט זיך ווי פערד־און־וואגען שטעלען זיך אב).

ר' מ י ש ע ל : געהערט, רבי? א פערד־און־וואגען האט זיך אבגעשטעלט. אפשר איז דאס יאיר?

ד ע ר צ ד י ק : ניט אפשר. ס'איז יאיר. (לויפט ארויף די

טרעפלאך און עפענט ברייט די טהיר) אודאי יאיר! נו, נו, קום שוין.
ברוך הבא, יאיר! שלום עליכם, יאיר!

יאיר: (קומט אריין, שטעלט אוועק זיין טלומיקעל אין א ווינקעל, געהט צו צום כיור, וואשט זיך די הענד און ווישט זיי אב) שלום עליכם, רבי. שלום עליכם, מישעל. איך האב אפילו גערעכענט אז איך וועל נאך אניאגען צו מעריב, איז אבער דאס פערד געווען א פגירה. נו, האט זיך מיר ניט איינגעגעבען. הייסט עס דאווענען ביחידות? אפילו ניט אזא מאכל. נור וואס דען? ביי מיר נעהמט זיך שוין דער רבונו-של-עולם ניט איבער. ער נעהמט וואס איך גיב. (געהט צו אין א ווינקעל; מיט נוסח) ויהי רחום יכפר עון ולא ישחית — והרבה להשיב —

דער צדיק: (בייז) יאיר!

יאיר (דרעהט זיך אוים; שמייכעלט) הא?

דער צדיק: פושע-ישראל וואס דו ביזט! איך ווארט דאך שוין אויף דיר צוויי וואכען צייט. איך וועל צו דיר נעהמען דעם ציבור! דו הערסט, דו!

יאיר: הייסט עס קודם דערצעהלען און דערנאך דאווענען מעריב? נו, מהיכא־תיתי.

דער צדיק: זעץ דיך, יאיר, און רעד ווערטער.

(אלע דריי זעצען זיך).

יאיר: (מיט נוסח) יראתי בפצותי, שיח להשחיל — הייסען הייסט דער יונגערמאן העשעל און ער איז א בן־יחיד ביי א אידען וואס הייסט רבי אביש גראלניק. איהר פארשטעהט? ניט סתם אביש, נור מיט דער רי"ש — רבי אביש. ווארים אט דער רבי אביש איז ניט נור א גרויסער עושר, נור טאקי א שטיק למדן אויך. יא — און דערצו א פלאם-פייערדיגער מתנגד. מילא, ס'איז מיין גליק וואס בשעת־הדחק קען איך מיר זיין א שטיק מתנגד אויך. א דאגה מיר; זאג איך גרוים־תחנון. נור ווען רבי אביש וואלט זיך געווען געכאפט אז דער איד וואס איז זיך אלע־

מאַל געקומען צו רוקען אין דער גראַלניע אַריין איז אַ קאַרלינטשיק. וואַלט ער מיך געווען אַרויסגעוואָרפען אויף צוויי שפּענדלאַד.

ר' מ י ש ע ל : (קנייטשט דעם שטערן) אַ טאַטע אַ מתנגד?

ד ע ר צ ד י ק : מישעל, זאָל דיך דער טאַטע ניט אַרען. דעם רבונו־של־עולם האָט ניט געאַרט וועֹר אברהם אָבינו'ס טאַטע איז געווען. וועגען דעם זוהן דערצעהל, יאיר; וועגען מיין העשעל.

י א י ר : אייער העשעל, רבי? אויב אַזוי בין איך שוין אין גאַנצען מבולבל. דעם אמת צו זאָגען האָב איך איהם ניט גע־קענט דערגרונטעווען. עפּעס איז ער מיר פאַרגעקומען — ווי זאָל איך דאָס נור מסביר זיין? — עפּעס אַזוי ווי אַ מין ביצה שנולדה ביום־טוב. ביי מיר אַליין, הייסט עס, איז געווען חלוקי־דעות. אי יאָ; אי ניין. אַט האָט זיך מיר געדוכט, אַז דער יונגערמאַן איז לעילא־ולעילא, פון די גאָר געהויבענע; און אַט ווידע׳ר איז מיר פאַרגעקומען אַז ס'איז ניט דאָס — געכאַפּט אין גשמיות, אַ גראַלניק בן־גראַלניק און נאָד אַ מתנגד דערצו. אַט למשל לערנען — האָט ער זיך געוויזען אַן עלוי פון קינדווייז אָן. צו בר־מצוה איז שוין ניט געווען קיין מלמד פאַר איהם און רבי אביש האָט איהם אָבגעפיהרט אין דער ישיבה אַריין. אין דריי יאָהר צייט האָט מיט איהם פאַרקלונגען די וועלט. פּלוצלינג אין אַ שעהנעם טאָג, דער בחור קומט צו שפּאַנען אַהיים. וואָס איז געשעהן? גאָרניט. ער וויל מעהר ניט לערנען, זאָגט ער. ער וויל ווערען אַ גראַלניק גלייך מיט זיין טאַטען. אַהער־אַהין און אַהין־אַהער — ער האָט אויסגעפיהרט. ער גראַלנעוועט.

ד ע ר צ ד י ק : געלויבט השם־יתברך! מיין העשעל איז אַן עקשן.

י א י ר : איינמאָל, בשעת איך רעד מיט איהם, פאַלט מיר איין: אפשר האָט ער זיך אָבגעריסען פון נגלה צוליעב נסתר; אויב ניט גמרא מיט תוספות, איז מעגליך אַז ער איז עוסק אין קבלה. נו, טהו איך איהם אַ טאַפּ ביים דופק. צולאַכט ער זיך און

טהוט א זאָג: „נסתר? וויס־איך־וואָס! וואו ס׳איז א סוד דאָרט איז א צרה”. געהערט א תשובה?

דער צדיק: געלויבט השם־יתברך, מיין העשעל איז א שאַרפער. ער ווייסט וואָס צו ענטפערען ווען ער וויל ניט ענטפערען. א באוויבטער איז ער?

יאיר: יאָ, חתונה געהאַט לעצטען ווינטער, שבת־שירה.

דער צדיק: קום צום עיקר, יאיר, קום צום עיקר.

יאיר: קום איך. עפּעס איינמאָל, אזוי כלאחר־יד, האָבען מיר זיך צורעדט מכח חסידות און אמונת צדיקים. איך טהו א קוק — ס׳געהט א גאַנג. מניה־וביה גיב איך איהם אָן אַנצוהערעניש אַז כדי צו פאַרשטעהן חסידות מוז מען זעהן מיט די אייגענע אויגען און אַז ס׳וואָלט גלייך געווען אַז ער זאָל זיך דורכפאָהרען קיין טיסמעניץ צום צדיק הדור. מיין איך דאָך אַז ער וועט זיך ברעקלען; פאַרט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי א מתנגד אין הויז. איז דוקא פאַרקעהרט. און ווען איך דערצעהל איהם אַז איך פאָהר דעמזעלבען וועג, כאַפּט ער זיך אָן מיט ביידע הענד — פאָהרען בחברותא. סוף, ער הויבט אָן דערצעהלען דעם פאָטער זיינעם א מעשה אַז ער וויל פאָהרען קיין טיסמעניץ אויפ׳ן יאַריד קויפען אונזערע אַגיל־ואשמח׳דיגע קאַרטאָפלעס. דער פאָטער איז שוין האַלב מסכים און ס׳הייסט אַז אָט־אָט פאָהרען מיר, ווען פּלוצלינג — טראַך! א קעסעל האָט געפּלאַצט אין גראַלניע. געפּלאַצט דער קעסעל, לאָזט זיך העשעל אַוועק זוכען קעסעל־מאַכער און קומט צוריק א טאָג שפּעטער מיט א גאַנץ ביידעל ציגיינער.

דער צדיק: האַ? ציגיינער?

יאיר: נו, יאָ, ציגיינער — קעסעל־מאַכער, קאָרטען־וואַרפער, פערד־גנבים, שליוואָוויץ־ברענער; נו, ציגיינער. פאַרטיג געוואָרען מיט די קעסלען, הויבט זיך אָן א מעשה מיט זידען שליוואָוויץ. איך רייס די הויט פאָהרען און ער, העשעל הייסט עס, דערצעהלט מיר א מעשה אַז דער ארי־שבחבורה, דער אַלטער צי־

גיינער, האָלט איהם אין אויסלערנען ווי אזוי צו קאָכען שליוואָ־וויץ און כאָטש האָק זיינע ביינער — ער פאָהרט ניט. האָב איך איהם איבערגעלאָזט אין גראָלניע וואו ער ליגט איבער גאַנצע טעג מיט דעם אַלטען תרח, קאָכט שליוואָוויץ און לערנט זיך זינ־גען ציגאַנסקע ליעדלאַך.

דער צדיק: (שפּרינגט אויף) האָט ער אפשר אַ בולמיע אויפ'ן אויג, דער אַלטער ציגיינער?

יאיר: אַזוי ווי איהר וואָלט געוועזן דאָבייי. ער האָט אַ בולמיע גרויס ווי אַן איי. נו, איז וואָס?

דער צדיק: (אַ צוקאָכטער) איז וואָס? איז וואָס? הער נור דו, יאיר! אויף וועלכען אויג האָט ער עס די בולמיע? אפשר אויפ'ן רעכטען?

יאיר: האָ? (טראַכט אַ מינוט) יאָ, אויפ'ן רעכטען.

דער צדיק: אַזוי! אַזוי! ער קריכט מיר שוין ווידער אין די גערנעם אריין? נאָ! נאָ! (קורצע פּויזע; לויפט צו צו דער טהיר לינקס) חיים! חיים! קום שוין אַהער!

חיים גבאי: (קומט אַריין קייענדיג) וואָס איז, רבי?

דער צדיק: לויף די מינוט צו דאָמיניע'ן און הייס איהם שפּאַנען.

חיים גבאי: געה איך. נור וואוהין פאָהרען מיר עס אזוי אין־מיטען־דערינען?

דער צדיק: פרעג ניט קיין קשיות, חיים. הויב די פיס און געה.

חיים גבאי: איך וויל דאָך פאָרט וויסען —

דער צדיק: טפש, דו פאָהרסט דאָך אויך. נו, וועסטו שוין געוואָהר ווערען. געה שוין! (שטופּט איהם אַרויס דורך דער טהיר רעכטס).

(בשעת מעשה קומען אַריין ר' עוזר, ר' דוב־בער און די יושבים).

ר' עוזר: אַה, זעה נור! אַ גאַסט אין שטעדטעל. שלום

עליכם, יאיר. וואוהין איז חיים געלאפען אין אזא איילעניש?

ד ע ר צ ד י ק: מיר לאזען זיך אויף א נסיעה. געהט און פאקט די טלימעקלאך.

ר' מ י ש ע ל: מילא, וואוהין מיר פאהרען פארשטעה איך; מסתם צו דער גראלניע. נור וואס איך פארשטעה ניט —

ד ע ר צ ד י ק: וואו שטעהט געשריעבען, מישעל, אז דו מוזט אלץ פארשטעהן? אט, למשל, האט יאיר געזעהן אז אלטען ציגיינער מיט א בולמיע אויפ'ן רעכטען אויג. איז דאס ביי איהם געוועזן א ציגיינער אזוי ווי אלע ציגיינער. פארוואס? ווייל ער האט ניט פארשטאנען. ווי איז אבער דער דין אז איך — נו, געננוג געטענה'ט. זייט מוחל און זאטעלט אייך אין וועג אריין. מיר פאהרען.

ר' ע ו ז ר: אז דער רבי־זאל־לעבען פאהרט, זעהט ער מסתם אז ס'הענגט א גרויסע סכנה איבער אידישע קעפ, חס וחלילה, און מ'מוז —

ד ע ר צ ד י ק: עוזר־לעבען, פארענטפער מיך ניט און קריך ניט וואו מען בעט דיך ניט. מיר פאהרען.

י א י ר: און דער רבי האט דאך מסתם בדעה צו פאר־פאהרען צו רבי אביש'ן אין גראלניע און זיך דארט איינקווארטי־רען מיט'ן גאנצען ביידעל מקורבים — הא? ניט אזוי?

ד ע ר צ ד י ק: יא אזוי. איז וואס? ער וועט אונז ניט אריינלאזען?

י א י ר: א קלייניגקייט אריינלאזען! ער וועט אונז אקע־נען קומען מיט קלעזמער. מאי־דאך סתם א חסיד איז ביי איהם א קארלינטשיק און ער וויל איהם אפילו קיין טרונק וואסער ניט גע־בען, מכל־שכן שוין א רבי פון קארלינטשיקעס מיט א גאנץ ביידעל מקורבים. נו, נו.

ר' ד ו ב ־ ב ע ר: וואס הייסט ער וועט דעם הייליגען רבי ניט אריינלאזען? אזא — איך — איך וואלט איהם אריינ־

געפאהרען אין באק — .

דער צדיק: שא! יאיר איז דאך גערעכט. רבי אביש גראלניק געהט לשטתו. ער איז א מתנגד. און ביי א מתנגד דארף מען נים מיך און ניט אייך אריינלאזען אין א אידישער שטוב אריין. איז דאך, הייסט עס, שלעכט; לאמיר'זשע נור א קלעהר טהון. (קורצע פויזע) זאג מיר נור, יאיר, ווי איז דער דין אז ס'פאהרט א אידישער בעל־עגלה מיט סוחרים אויף א יאריד און דוקא אויף־דער־נאכט און נים ווייט פון דער גראלניע צוברעכט זיך איהם אן אקס. ווער זיי רבי אביש לאזען א נאכט איבער־שלאפען? הא?

יאיר: אודאי. נור וואס א שטייגער — ?

דער צדיק: אט קומט חיים מיט דאמיניע'ן, ועסטו שוין אליין פארשטעהן.

חיים גבאי און דאמיניע: (קומען אריין און דאמיניע ווינשט דעם צדיק א „גוטען אָוועַנד").

דער צדיק: דאמיניע, טהו אוים דיין סערדעק. לייה איהם מיר.

דאמיניע: זאל גאט געבען דעם הייליגען ראבין א סך געבענשטע יאהרען. נור, כאטש הרג'ע מיך, איך פארשטעה נים. דער הייליגער ראבין וויל מיין סערדעק? איי א שפאס!

דער צדיק: דו, דאמיניע! דו פרעגסט מיך שוין אויך קשיות? טהו אוים דעם סערדעק און טאקי דיינע שטיוועל און דיין שטרויענעם קאפעליוש. נו?

דאמיניע: אויב אזוי, וואס'זשע דארף איך נאך רעד־דען? דער הייליגער ראבין הייסט. וועל איך שוין אויסטהון אי דעם סערדעק, אי דעם קאפעליוש, אי די שטיוועל. אט שוין אויס־געטהון.

דער צדיק: חיים, דו נעהם נור ביי איהם די בגדי־כהונה און האלט זיי אנגעגרייט. (צו די ארומיגע) וואס תדוש'ט

איהר אייך ? ווארט אביסעל, וועט אייך אלץ קלאהר ווערען. דאָ־
מיניע, אויפ'ן וועג וועסטו ארונטערקריכען לעבען דיין הויז און
דיך אויספוצען אין דיינע זונטאגדיגע קליידער. נו, מישעל, עוזר,
יאיר, דוב־בער, קעסט־קינדער — מאכט אייך פארטיג. און, חיים,
פארגעס ניט ארייגלעגען מיינע ספרים אין תפלין־זאק.

די מקורבים : (געהן אב איינער נאכ'ן אנדערען לינקס ; קומען צוריק מיט טלימיקעס און תפלין־זעק).

דער צדיק : (געהט צו צו דער טהיר לינקס) רביצין ! רביצין ! א גוטע נאכט און זיי געזונד. וואס זאגסטו ? הא ? ניטאָ קיין ברירה. דער קייזער רופט, מוז מען געהן. יא, חיים, ניט פאר־געסען זיך אבצושטעלען און רופען סענדער'ן. ס'איז שוין צייט אז ער זאל אמאל פאהרען אויף א נסיעה מיט אונז. און איצט, דאמיניע, וואיז נור אהער דיין בייטש. (נעהמט די בייטש און טהוט מיט איהר א קנאק) יעמוד לדבר־מצוה הסוס של דאמיניע ! קומט, קינדער. היינט ביינאכט טרייב איך דאס פערדעל. קומט, קומט — און אם־ירצה־השם וועלען מיר דא נאך האבען העשלען אויף שבת. (לאזט זיך צו דער טהיר רעבטס נאכגעפאלגט פון די אנדערע).

(פארהאנג)

## צווייטער אקט

# העשעל וויל דוקא ברענען שליוואָוויץ

(ביי ר' אַביש גראַלניק אין הויז; אַ גרויסע שטוב, מיט אַ בהרחבה'דיגען פאַרנעהם. — אין דער הינטערשטער וואַנד צוויי פענסטער און אַ גרויסע גלעזערנע טהיר וואָס פיהרען צו אַ ברייטען הילצערנעם גאַניק און קוקען אַרויס אויף דעם גרויסען הויף מיט דער גראַלניע. — אַ טהיר אין דער רעכטער וואַנד (הויפּט־איינגאַנג). אין דער לינקער וואַנד אַ שמאָלער דורכגאַנג מיט אַ טהיר וואָס פיהרט אין די אַנדערע חדרים און עטליכע טרעפּ מיט אַ געלענדער וואָס פיהרען צום איבערשטען גורען. — אַ גרויסע שאַפע מיט ספרים; אַ הענגלייכטער, העסעס אויף די ווענד און מעש־וואַרג אויף די פּאָליצעס).

(אַ העלע, לבנה־באַלויכטענע זומער־נאַכט).

ר' אַ ב י ש : (זיצט ביי אַן אָפענער גמרא; אַ צווייטע, אַ פאַרמאַכטע, ליגט אויף דעם טיש און ביי דעם ספר אַ לעדיגער שטוהל; נאָך עטליכע סעקונדען הויבט ר' אַביש אויף דעם קאָפּ, וואַרפט אַ ביי־זען בליק אויף דעם לעדיגען שטוהל און טהוט אַ ברום) וואו איז ער?

מ י נ צ י : (זיצט און האַקעלט אַ זאָק) וואָס איז, אַביש?

ר' אַ ב י ש : (בייז) וואו איז ער?

מ י נ צ י : (ציהט מיט די פּלייצעס) וואָס וויים איך? ווע־טשערע האָט ער שוין אָבגעגעסען. (צו פראַדלען) פראַדעל, וואו איז ער?

פ ר א ד ע ל : (זיצט בײם פענסטער און שטיקט אויס א וויקעל־שנור) פון וואנען זאל איך וויסען? אבגעגעסען און אװעקגעגאנגען. (שטעקט ארויס דעם קאפ דורך דעם אפענעם פענסטער און רופט) רבי הערש־געצעל! רבי הערש־געצעל! זײט אזוי גוט!

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : (קומט צו צום פענסטער) ביז איך אזוי גוט. וואס א שטײנער וועט די יונגע בעל־הבית'טע זאגען?

ר' א ב י ש, מ י נ צ י און פ ר א ד ע ל : (צוזאמען) וואו איז ער?

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : (תמ'עוואטע) וואו איז וועך? אפשר העשעל? דארט איז ער. אין גראלניע איז ער.

ר' א ב י ש : כ'האב אבער געוואוסט.

מ י נ צ י : מאל דיר, כ'האב אויך געוואוסט.

פ ר א ד ע ל : און איך, מײנט איהר, האב ניט געוואוסט?

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : און איך האב געוואוסט אז איהר האט געוואוסט. נור אז מען פרעגט, ענטפערט מען.

ר' א ב י ש : שיק איהם ארײן די מינוט, הערש־געצעל. זאג איהם, אז איך ווארט מיט'ן שיעור.

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : כ'לעבען, בעל־הבית, אן עבירה צו־רײסען די שטיוועל. נור מילא — מ'הײסט געהן, געהט מען. (אב).

ר' א ב י ש : (הויבט זיך אויף א צוקאכטער) דער עלוי רײנער! דער עלוי דײנער! אפילו דעם שיעור לערנען קען מען שוין בײ איהם ניט פועל'ן.

מ י נ צ י : אביש־לעבען, אז העשעל וויל אמאל ניט עסען קײן וועטשערע, עס א י ך זיך אב דאס הארץ. אז ער וויל ניט לערנען — נו — —

ר' א ב י ש : זאל א י ך מיר אבעסען דאס הארץ. איך פארשטעה שוין.

מ י נ צ י : וועך זאגט דען חלילה? האב נור ניט קײן טענות צו מיר.

ר' אביש: נו, האב איך ניט. אבער וואס איז דאס פאר אן איבערליגעניש אין גראלניע, וואס? זיך אנגעהויבען א מעשה מיט שליוואוויץ און וועט זיך הפנים קיינמאל ניט ענדיגען. ליגט דארט גאנצע טעג מיט דעם אלטען ציגיינער און קאכט שלי־וואוויץ. מינצי, דו זאג דעם עלוי דיינעם אז אויב — — אז אויב — — —

מינצי: אז אויב וואס, אביש? (פויזע) גארניט! פראַ־דעל, דאכט זיך אז דיין שווער איז עפעס ברוגז אויף העשלען. זיי׳זשע אזוי גוט, לעג אוועק אויף א מינוט דעם וויקעל־שנור און רוף איהם אהער. וואס דארף דער שווער שרייען אויף אונז? זאל ער שרייען אויף העשלען.

פראדעל: איך ווייס? (קווענקעלט זיך א מינוט) נור אז איהר הייסט, שוויגער, געה איך. (אב).

ר' אביש: (ברומט) נא! האסטו געזעהן אזוינס? שוין איבער א וואך צייט ווי הויז און הויף און גראלניע געהן אויף רעדער. וואס איז? דער עלוי ברענט שליוואוויץ! ליגט איבער טאג־אזוי־ווי־נאכט מיט די ציגיינער; פאהרט ארום איבער די דערפער קויפען פלוימען; לויפט, קלאפט, קאמאנדעוועט. א יא־ריד אין שטאדט!

מינצי: אבער ווי׳זשע וועט זיין דער דין, אביש, אז ס׳וועט זיך עפעס אויסקאכען?

ר' אביש: ער וועט גארניט אויסקאכען.

מינצי: ער וועט מסתם יא עפעס אויסקאכען. נו? (פויזע) וועסט דו מסתם פארקויפען שליוואוויץ און אריינלעגען דעם פדיון אין פייער־קאסטען.

ר' אביש: א גליק וועט מיך טרעפען. דער זוהן מיי־נער וועט ווערען א גראלניק.

פראדעל: (קומט צוריק) ער האט קיין צייט ניט. ער איז פארנומען. (שטעהט מיט אן ארונטערגעלאזטען קאפ, א געקרענק־

טע, א באַלייידיגטע).

מ י נ צ י : וואס איז, פראדעל? דו האסט דאך איהם גע־זאגט — — —

פ ר א ד ע ל : (שיסט אויס) ער האט מיך ניט אויסגעהערט. (מיט א כליפ) ער האט מיך ניט געזעהן.

ר' א ב י ש : (אין גרויס כעס) אזא — — — (לויפט צו צום אפענעם פענסטער און שרייט) העשעל! העשעל! די מינוט זאל־סטו אהער געהן. דו הערסט, דו?

ל י י ל א : (באַווייזט זיך פלוצלונג אין פענסטער; שמייכעלט מיט איהרע האלב־פארנעפעלטע אויגען; קורצע פויזע; דאן) דאכט זיך אז איהר רופט אייער זוהן. איהר ווילט איהם האבען דא? (פויזע).

מ י נ צ י : (ברוגז'לאך) יא, מיר ווילען. איז וואס?

ל י י ל א : וועט ער גלייך קומען. איך וועל איהם אריינ־שיקען. (פארשווינדט).

פ ר א ד ע ל : (שטיל) שוויגער, שוויגער, איהר זעהט —

מ י נ צ י : (געהט שנעל צו צו איהר) שא, קינד מיינס, שא! (מיט פלוצלונגער באַרעדזאמקייט) נא, האסטו געזעהן אזוינס? כ'לעבען ביזט נערעכט, אביש. זיי קריכען דא ארום דעם הויז אזוי ווי פלעדער־מייז. העשלען פאלט איין צו ברענגען אורחים — א גאנצע באפטע ציגיינער. דאס ווייסעל פון די אויגען וועלען זיי נאך ארויסגנב'ענען.

פ ר א ד ע ל : און איך זאג אייך, שוויגער, אז ס'איז א כשוף.

ר' א ב י ש : וואס איז א כשוף?

מ י נ צ י : שא, שא, שא! געגען־נאכט־אלין־דאס־גוטס־געדאכט! מ'רעדט ניט פון אזוינע זאכען, פראדעלע. און דאצו נאך ביינאכט, ווען די איך-וויל-זייער-נאמען-ניט-דערמאהנען טאנצען ארום אויף אלע וועגען און לויערען אויף אלע שטעגען (כאפט א קוק אין פענסטער) אט קומט ער שוין.

ה ע ש ע ל : (קומט אריין פון הויף; זייטע באוועגונגען זייר־נען שנעל און דריקען אויס א הארציגע ווארימקייט; א שמייכעל צו־שפּיעלט זיך אויף זיין פּנים ווען ער דערזעהט די אנגעבלאזענע פּנים'ער ארום זיך; צו ר' אביש'ן) נו, טאטע, וואס פאר א סדרה גערהט היינט: שליוואוויץ, שיעור, אדער גאר אלטער ציגיינער?

ר ' א ב י ש : (צוטומעלט) דו הערסט ווי דער עלוי רעדט עס צום טאטען?

מ י נ צ י : איך הער. (צו העשלען) תכשיט מיינער, מ'האט דאך עפּעס אפּגערעדט אז דו וועסט לערנען מיט דעם טאטע שיעור. נו?

ה ע ש ע ל : (צולאכט זיך) נו, נו.

ר ' א ב י ש : וואס פאר א תשובה איז „נו, נו"?

ה ע ש ע ל : ביזטו טאקי גערעכט: ס'איז נישט אזא פוי־נעלדיגע תשובה. נור לאמיר נור זעהן. ווי אזוי האבען מיר אבגע־רעדט? לערנען אלע אויף־דער־נאכט צי נור מאנטאג און דאנערש־טאג?

ר ' א ב י ש , מ י נ צ י און פ ר א ד ע ל : (צוזאמען) אלע אויף־דער־נאכט! אזוי האט מען אפּגערעדט.

ה ע ש ע ל : אויב אזוי, טויג נישט. טאטע, איך האב חרטה אויפ'ן מקח. אויב דו ווילסט מאנטאג און דאנערשטאג איז הרי־טוב און אויב נישט — —

פ ר א ד ע ל : (א צוטומעלטע) העשעל! אזוי רעדט מען דאס צו'ן א טאטען! ביי אונז אין הויז — —

ה ע ש ע ל : אהא! פראדעל ווערט שוין א משורר ביים טאטען! נו, אדרבא, העלף איהם אונטער.

מ י נ צ י : פראדעל איז נעבאך נאך נישט געוואוינט דאצו. ביי איהר טאטען אין הויז איז נישט געווען קיין בן־יחיד. דו וועסט דיך צוגעוואוינען, פראדעלע, דו וועסט דיך צוגעוואוינען.

פ ר א ד ע ל : יא, מ'געוואוינט זיך צו צו אלע צרות. אזא

מזל האב איך שוין. (הויבט אן וויינען).

מ י נ צ י : שא, שא! נאריש ווייבעלע! וואס פלוצלינג וויינען?

ה ע ש ע ל : (כאפט זיך אן מיט ביידע הענד ביים קאפ) פראָ־דעל, הער אויף! מאמע, זאג איהר זי זאל אויפהערן. זי וועט קריגען א רויטע נאז!

פ ר א ד ע ל : (וויינענדיג) איך קריג ניט קיין רויטע נאז.

ה ע ש ע ל : מאמע, איך שווער דיר אין טלית־און־תפלין אז יעדעס מאל וואס זי וויינט קריגט זי א רויטע נאז.

פ ר א ד ע ל : (ווישט זיך שנעל אב די אויגען; בייז) שוויי־גער, איך זאג אייך אז איך קריג ניט קיין רויטע נאז און אויב העשלען געפעלט ניט — —

מ י נ צ י : העשעל! איך וועל דיך באלד ממית'ן. דו הערסט? זי קריגט ניט קיין רויטע נאז. האסטו געהערט א שפאַ־רעניש!

ר ' א ב י ש : ששששא! וואס פאר א יאריד איז דארט? שטיל זאל זיין!

מ י נ צ י : נו, זייט שוין שטיל. דער טאטע קען ניט לער־נען.

ה ע ש ע ל : (שטיל צו מינצי'ן) און אז ס'איז שטיל קען ער? קיין חלוק ניט.

מ י נ צ י : (מיט אן איינגעהאלטענעם געלעכטער) שא! חצוף וואס דו ביזט! געה שוין און זעץ דיך לערנען. טהו איהם ניט אן קיין עגמת־נפש.

ה ע ש ע ל : מיר האבען אבגערעדט מאנטאג און דאנערש־טאג און היינט איז מיטוואך. איצט לויף איך צוריק אין גראלניע. דער אלטער ציגיינער רעכענט אז היינט אויף־דער־נאכט וועט מען שוין קענען פארזוכען דעם נייעם שליוואוויץ. איך קען פשוט ניט איינזיצען אין שטוב. (לאזט זיך געהן צום תויר).

ר׳ אביש: (מתוט א ברום) העשעל!

מינצי: (שטיל) מיט גוטען, אביש, מיט גוטען.

העשעל: (קעהרט זיך אום) וואס האסטו געוואלט זאגען, טאטע?

ר׳ אביש: (מיט אנשטרענגונג) ס׳איז מיר דא קשה א שטיקעל תוספות. אפשר קענסטו מיר זאגען דעם פשט?

העשעל: אנו וויז. (בויגט זיך אן און קוקט אריין אין דער גמרא) אט דאס? לאמיר נור זעהן. (פויזע) טאטע, איך האב דיר שוין פאריאהרען געזאגט דעם פשט. וואס׳זשע? שוין פארגעסען?

ר׳ אביש: איך וויים? ס׳שאט ניט אויב מ׳רעדט איבער נאכאמאל. (זיפצט) אוי, העשעל, העשעל. וואס טהוט מען מיט דיר?

העשעל: (געריהרט פון דעם פאטערס ווערטער' דרעהט זיך ארום א פאר סעקונדען א פארטראכטער, געהט דאן שנעל צום טיש, זעצט זיך און עפענט די פארמאכטע גמרא) אנו, טאטע, וואו האלט מען?

מינצי: (צו פראדלען) דו זעהסט, טאכטער מיינע?

פראדעל: ביי דעם שווער שיינט דאס פנים פון נחת זעהט נור.

מינצי: ווען דער שווער דיינער זאל נור ניט זיין אזא פריקרע —

פראדעל: און ווען העשעל זאל ניט זיין אזא צופלאמ־טער —

מינצי: נו, וואלטען מיר ביידע געהאט דעם גן־עדן אויף דער וועלט.

(פון הויף דערהערט זיך פלוצלינג א לאנג־אויסגעצויגענער רוף: „העשעל!“ קורצע פויזע און דאן פארשיעדענע קולות, הויכע און טיע־פע, רופענדיג אייגער נאכ׳ן צווייטען: „העשעל! העשעל!“).

העשעל: (הויבט אויף דעם קאפ און הערט זיך צו ווי א פארכשופ׳טער).

ר' אביש: וואָס איז שוין ווידער?

העשעל: (שטעהט אויף) דו הערסט דאָך. מ'רופט מיך.

לייזאַ'ס קול: (פון הויף) הע—שעל!

העשעל: (הויבט זיך שנעל אויף און פאַרשווינדט דורך דער גלעזערנער טהיר).

מינצי און פראַדעל: (געהן צו צום פענסטער און קוקען אַרויס אויפ'ן הויף, פון וואַנען עס הערט זיך אַ הוזשעריי וואָס ווערט באַלד שטאַרקער, באַלד שוואַכער).

ר' אביש: (אין גרויס כעס, הויבט זיך אויף, נעהמט די גמרות און שטעלט זיי אַריין אין דער ספרים־שאַפע) אַזאַ מין אַנשי־קעניש! באַלד וועט ער שוין אפילו קיין צייט ניט האָבען צו רעדען צו מיר. (צו מינצי'ן) הער נור, דו!

מינצי: (פון פענסטער) הער איך. וואָס איז?

ר' אביש: זאָג דעם עלוי דיינעם אַז איך דאַרף זיין שליוואָוויץ אויף תשעה־ניינציג. (שרייט) אַז איך דאַרף ניט קיין שליוואָוויץ! איך דאַרף ניט! מאָרגען זאָל ער זיך אָבטראָגען פון דאַנען.

פראַדעל: איהר הערט, שוויגער? דער שווער וויל אַרויסוואַרפען העשלען.

ר' אביש און מינצי: (פאַרגאַפטע) האָ?! (קורצע פויזע).

מינצי: (צולאַכט זיך) זאָלסט מיר לאַנג לעבען און געזונד זיין, פראַדעל. אָבער ביזטו במחילה אַ לעקיש! דער שווער האָט געמיינט אַז דער אַלטער ציגיינער זאָל זיך אָבטראָגען פון דאַנען. העשעל גאָר? נו, נו. וואָס פראַדלען קען איינפאַלען? נאַרעלע, וואָס הייסט העשעל זאָל זיך אָבטראָגען פון דאַנען? וואָרזשע וועט בלייבען?

ר' אביש: אָבער וואָס דאַרף איך די ציגיינער דאָ? זאָלען זיי געהן צו אַל־די־שוואַרצע יאָהר. פאַרעכט די קעסלען?

באצאהלט? געהט. איך דארף ניט קיין שליוואוויץ.

מינצי: וואס דען? דו דארפסט שליוואוויץ? נור אויב ער וועט נור געראטען וועסטו איהם מסתם ניט ארויסגיסען אין רינשטאק. וואס־וואס, קיין אכזר חלילה ביזטו ניט. (כאפט א קוק אין פענסטער) אט קומט ער שוין צוריק, העשעל.

העשעל'ס קול: (פון גאניק) אנו, רבי הערש־געצעל, מיט'ן רעכטען פוס! און ניט געפאלען. אזוי! (קומט אריין מיט א גרויסער פלאש שליוואוויץ) ער איז דא!

הערש־געצעל: (מיט צוויי גרויסע ביטעלס, שפאנט ארום־און־ארום דער שטוב און זאגט נאך העשלען) ער איז דא! ער איז דא!

ר' אביש, מינצי און פראדעל: (פארוואונדערט; צוזאמען) הא? ווער איז דא?

העשעל: רבי הערש־געצעל, זאגט זיי ווער ס'איז דא.

הערש־געצעל: א טייערער אורח איז דא. דער אמת'ער אונגארישער שליוואוויץ איז דא!

העשעל: ניט אזוי, רבי הערש־געצעל. זאגט זיי אזוי מיט'ן פולען מויל. אנו!

הערש־געצעל: (מיט'ן „אתה הראית" נגון) דער טייערער שליוואוויץ איז דא — דער שמעקענדיגער שליוואויוויץ איז דא — דער אמת'ער אונגארישער שליוואוויץ איז דא!

ר' אביש: (נעהמט די פלאש און טהוט א שמעק צו דער משקה) נאך א ביסעל רויה. יא. וואס זאגסט דו, הערש־געצעל? ער האט עפעס א טעם?

הערש־געצעל: א טעם? טאמיר איז מיר באשע־ט צו זיין אין גן־עדן און טאמיר גיט מען מיר יא א שטיקעל לויתן, וועל איך דאך וועלען א ביסעל משקה, וויל איך ניט קיין בעסע־ע משקה ווי אט —

העשעל: (שלאגט איהם איבער) ווייס איך וואס? הערש־געצעל האט איהם נאך ניט פארזוכט. (מיט א כיטרע ווינק צו הערש־

געצלען) איך נאָך אויך ניט. אפשר ניט אַזוי, רבי הערש־געצעל?

הערש־געצעל: אפשר טאַקי ניט אַזוי. איך מיין, אפשר טאַקי יאָ אַזוי. (צותיקעט זיך) און אפשר טאַקי יאָ אַזוי. איך מיין —

העשעל: ווייל מאַכען אַ שהחינו, האָב איך געזאָגט הערש־געצלען, דאָס קומט דעם אַלטען בעל־הבית. זעהסטו, טאַטע, אַט דאָס הייסט ביי מיר אַ מצוה פון כבוד־אב! אפשר ניט אַזוי, רבי הערש־געצעל?

הערש־געצעל: (ווי פריה׳קר) אפשר טאַקי יאָ אַזוי. איך מיין, אפשר טאַקי ניט אַזוי (און אַזוי ווייטער).

העשעל: אנו, מאַמע, אַהער מיט די פסח׳דיגע גלעזלאַך.

מינצי: ביזט חלילה חסר־דעה? אין מיטען־דערינען — די פסח׳דיגע גלעזלאַך! פון די חמצ׳דיגע וועט אייך ניט שמעקען.

העשעל: וואָס פאַרשטעהט אַ אידענע? שליוואָוויץ האָט ניט קיין טעם סיידען מ׳טרינקט איהם פון פסח׳דיגע כוסות. נו, טהו זיך אַ ריהר, מאַמע, און פאַר׳ן טאַטען דאָס זילבערנע בעכערל, דאָס אויסגראַווירטע.

מינצי: (שטופּט איהם אָב) וואָס האָסטו דיך אָנגעזעצט. וואָס?

העשעל: טאָמיר זאָגסטו נאָך אַ וואָרט, הייס איך מאַכען אַ קעזעל צו פאַרבייסען. ס׳איז דאָך עפּעס אונזער שליוואָוויץ! אַהער די שליסעל, מאַמע!

מינצי: געניזוק׳ט זאָלען אונזערע שונאים ווערען. אַ מערכה ער הייסט זיך ניט מאַכען נאָך אַ היסב־בעט אויך. (צו פראַדלען) קום, פראַדעלע, וועסטו מיר צולייכטען. (אָב לינקס מיט פראַדלען).

ר׳ אביש: (הויבט אויף די פלאַש צום ליכט און קוקט זיך איין) ניט קיין שלעכטע מראה.

העשעל: רבי הערש־געצעל, איהר הערט? ניט קיין שלעכטע מראה! רבי אביש גראַלניק אַליין איז מודה אַז דער

שליוואוויץ האט ניט קיין שלעכטע מראה. וואס זאגט איהר צו דעם, רבי הערש־געצעל?

הערש־געצעל: איך זאג — בורשטין, טייערער בורשטין. איך וויים דאך יא ווי אזוי דער גוטער שליוואוויץ דארף אויסזעהן. עפעס זיך געוואלגערעט דארט אויף דער אנדערער זייט פון די בערג גאנצע פופצעהן יאהר.

העשעל: (מיט א פייערל אין די אויגען) דארט אויף דער אנדערער זייט פון די בערג, הא?

הערש־געצעל: יא, דארט, דארט! דארט וויסען זיי ווי אזוי צו ברענען שליוואוויץ. איי, וויסען זיי! האב איך דאך אבער א פערדישען קאפ, האב איך ניט געקענט דערגעהן דעם סוד. זעהסטו — דער אלטער ציגיינער קען דעם סוד. ער קומט פון דארט — פון דער אנדערער זייט. ער — ער קען! אווא! קען ער!

מינצי: (קומט צוריק מיט פראדלען) אט האסטו די פסח'דיגע כוסות, בן־יחיד מיינער.

העשעל: (שמייכעלט) דו זעהסט, מאמע, אז דו פאלגסט איז גוט. אנו! (גיסט אן דאס זילבערנע בעכערל).

ר' אביש: (מאכט שטיל א ברכה, טהוט לאנגזאם א זופ, קנייטשט דעם שטערן א מיגום; דאן) כ'האב פארשטאנען; נאך א ביסעל רויה. אבער —

העשעל און הערש־געצעל: (צוזאמען) אבער וואס?

ר' אביש: — אבער ס'איז שליוואוויץ. און אז מ'וויל קען מען אפילו זאגען אז —

העשעל און הערש־געצעל: (צוזאמען) אז וואס?

ר' אביש: אז ס'איז גוטער שליוואוויץ.

העשעל: אויב אזוי, רבי הערש־געצעל, דארף מען געהן א ריקוד'ל. (ער נעהמט איין ביטעל שליוואוויץ אויפ'ן ארים אזוי

ווי אַ ספר־תורה; הערש־געצעל נעהמט דעם צווישען און זיי צוזינגען זיך: „עוזר דלים, הושיעה־נא! פודה ומציל, הצליחה־נא!" און אַזוי ווייטער).

מ י נ צ י: מיר דאכט זיך אז העשעל און הערש־געצעל האבען שוין פריהער פארזוכט צו ביסלאך שליוואוויץ. זעה נור, זעה.

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל: און אויב אפילו יא, בעל־הבית'טע לעבען, בין איך אפשר שכור? הא? גלויבט מיר, ס'איז גאר ניטא אזוי פיעל משקה אויף דער וועלט. איך בין דאך עפעס אן אלטער בראנפען־ברענער. זעהט איהר, שליוואוויץ ברענען — דאס קען איך ניט. אבער — —

ה ע ש ע ל: ווייסען מיר שוין. (גיסט אָן די גלעזלאך) אנו, רבי הערש־געצעל; אנו, טאטע. טאקי נאך אַ ביסעל רויה, אבער אַז מ'וויל קען מען אפילו זאגען אז ס'איז גוטער שליוואוויץ. הא, טאטע? לחיים! (זיי טרינקען) אווא!

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל: נאך ווי אזוי אווא! ער קען דער אלטער תרח. איך קען ניט. אבער ער קען.

ה ע ש ע ל: גאר פארגעסען. טאטע, מ'דארף פארבעטען דעם אלטען ציגיינער אהער.

ר ' א ב י ש: וואס פלוצלינג?

ה ע ש ע ל: ניט פלוצלינג. אז זיין משקה איז געראטען, דארף מען איהם מהנה זיין.

ר ' א ב י ש: כ'האב ניט ליעב קיין ציגיינער ארום מיר. אין הויף און אין גראלניע איז נענוג.

ה ע ש ע ל: למשל, טאטע, ווי וואלט דיר איינגעגאנגען ווען מיר וואלטען געהאט אם־ירצה־השם אויף פסח אַ פינף־און־צוואנציג הונדערט ליטער פון דעם שליוואוויץ וואס —

ה ע ר ש ־ ג ע צ ל: (באַפּט אונטער) — אז מ'וויל קען מען אפילו זאגען אז ס'איז גוטער שליוואוויץ?

ר ' א ב י ש: ס'וואלט ניט געשאט. נו?

ה ע ש ע ל : אויב אזוי, רבי הערש־געצעל, זייט אייך מטריח און פארבעט דעם אלטען תרח אהער. זאגט אז דער אלטער בעל־הבית האט געלאזט בעטען.

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : געהן, רבי אביש?

ה ע ש ע ל : רבי הערש־געצעל, פרעגט ניט קיין קשיות. אז מ'שיקט אייך, געהט. איך וועל שוין מיט רבי אביש'ן אליין מושוה ווערען.

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : נו, אז מ'הייסט געהן, געהט מען. (אב).

ה ע ש ע ל : ווארים, פארשטעהסטו מיך, טאטע, דערווייל ברען איך ניט קיין שליוואוויץ, נור דער אלטער ציגיינער. און לאמיך דיר עפעס זאגען. קאכען אקאוויט, אזוי ווי דו און דער זיידע עליו־השלום, דאס איז א פרשה חומש מיט רש"י. ברענען שלי־וואוויץ, אבער, איז א שטיק גמרא מיט תוספות און אפשר טאקי א שטיק מהרש"א. נו, דו ווייסט דאך, טאטע, אז מהרש"א איז ניט קיין לעקאכעל.

ר ' א ב י ש : וואס'זשע טהוסט דו דערווייל? דו לערנסט דיך, הייסט עס?

ה ע ש ע ל : ער זאגט אז ער לערנט מיך. דערווייל אבער איז גלייבער אז מ'זאל מיט איהם לעבען בשלום און זאל ער דער־ווייל ברענען שליוואוויץ ביז איך וועל זיך אויסלערנען.

מ י נ צ י : פראדעל־לעבען, קום לאמיר נור באהאלטען אלץ וואס איז ניט פארשלאסען און ניט צוגעשרויפט און ניט איינגעמויערט. דאס ווייסעל פון די אויגען וועלען זיי ארויסטרא־גען. (זי און פראדעל הויבען אן באהאלטען אלערליי קליינינקייטען).

ה ע ש ע ל : אט קומט ער, דער אלטער. טהו אן דאס יום־טוב'דיגע פנים, טאטע. ער איז א האנארנע מענש.

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : (קומט אריין מיט הערש־געצלען; קוקט זיך ארום שמייכלענדיג) א גוטען אװענד אייך, בעל־הבית. זעהר פיין פון אייך מיך צו פארבעטען אין הויז אריין;

זעהר פיין.

ר׳ אביש: נו, פאַרוואָס ניט? אדרבא. העשעל מיינער דערצעהלט מיר פון אייך לויטער וואונדער. אדרבא.

דער אלטער ציגיינער: (צו מינצי׳ן) און דאָס איז דאָך די אַלטע בעל־הבית׳טע — א גוטען אָוועגד אייך, בעל־הבית׳טע. איך זאָג אייך צו אַז ווען איך וועל אַוועקגעהן, וועט אייך אין הויז גאָר ניט פעהלען.

מינצי: (צוטומעלט) ווער האָט דען עפּעס געזאָגט, חלילה? זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

העשעל: (צולאַכט זיך) שפּיעל זיך מיט דעם אַלטען ציי־געינער. א שאַרף אויג.

הערש־געצעל: אוודאי א שאַרף אויג! מיט א גרויסער — (האַקט אָב ווען דער אַלטער ציגיינער טהוט אויף איהם אַ קוק).

דער אלטער ציגיינער: נו! מיט א גרויסער בולמיע! פאַרוואָס וואַרגסטו דיך מיט די ווערטער, דו אַלטער שקראַב? וואָס האָסטו מורא? דעם אמת מעג מען זאָגען אין פּנים אריין אפילו דעם ניט־גוטען אַליין. (צולאַכט זיך און זיין געלעכטער ווידערהאַלט זיך אין פאַרשידענע קולות פון הויף און פון גאַניק. די האַלב־דערשראָקענע בני־בית קוקען זיך אַרום און דערזעהן דורך די פענסטער די פּנימ׳ער פון ציגיינער און ציגיינערטעס וואָס באַוועגען זיך הין־און־צוריק).

פראדעל: זעהט נור, שווינער. (ווייזט אויף די פענסטער).

מינצי: (שטיל צו פראַדלען) אָט האָסטו דיר אַזאַ מין אַנשיקעניש; אויף אַלע פּוסטע וועלדער, רחמנא לצלן.

דער אלטער ציגיינער: פאַר וועמען האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען בעל־הבית׳טע? פאַר מיינע חברה־לייט? נאַרישקייטען. דאָס איז שוין אַזאַ טבע ביי זיי; וואו איך געה קריכען זיי מיר נאָך.

הערש־געצעל: אוודאי! ער איז דאָך ביי זיי

עפּעס — ווי זאָגט מען דאָס? — אַ ראש; אַזוי גוט ווי אַ מלך.

דער אַלטער ציגיינער: און דו רעכענסט דאָך אַז זיי געהן מיר נאָך ווייל זיי ווילען מיר אָנטהון כבוד? ניט אַזוי?

הערש־געצעל: פאַרוואָס ניט? אַ מלך קומט כבוד.

דער אַלטער ציגיינער: געה שוין, געה. ניט ביי ציגיינער. ווילסט וויסען פאַרוואָס זיי געהן מיר נאָך? איך וועל דיר זאָגען. זיי האָבען מורא טאָמיר וועל איך עפּעס צו־לאַטכענען און וועל מיך מיט זיי ניט צוטיילען. (אַלע לאַכען; די ציגיינער און ציגיינערטעס האָבען זיך דערוויייל ווידער באַוויזען אַרום די פענסטער) נו, וואָס שטעהט איהר דאָרט. וואָס? קומט אַריין. ווער עס וויל. דער בעל־הבית וועט מסתם מכבד זיין מיט פרישען שליוואָוויץ. האַ, בעל־הבית?

ר' אַביש: נו פאַרוואָס ניט? אויב זיי ווילען זאָלען זיי אַריינקומען.

העשעל: (לויפט צו צום פענסטער) דער בעל־הבית בעט אַריינקומען! נו נו, נו! אַריין! (ציגיינער און ציגיינערטעס הויבען אָן אַריינקומען) רבי הערש־געצעל, גיסט נור אָן די גלעזלאַך. אַנו. חברה־לייט, ימח־שמו'ניקעס, אַריין! דו דאָרט מיט'ן פיעדעל! וואָס וואַרטסטו? קום אַריין. (אַ ציגיינער מיט אַ פיעדעל קומט אַריין) זעה נור, ליילאַ! וואָס רוקסטו דיך אָב אָן אַ זייט? מאַלי אַז מען איז אַ פּרינצעסין, איז וואָס? קום אַריין.

ליילאַ: (ביים פענסטער) געה שוין! איך פעהל אייך דאָרט ניט אויס.

העשעל: (צום אַלטען ציגיינער) הייסט איהר זי זאָל אַריינקומען. אייך וועט זי פאָלגען.

דער אַלטער ציגיינער: (לאַכט) ס'איז ניט שעהן פאַר אַ יונגען בחור זיך צו שאַפען מיט אַן עלטערען מענש. לאָמיר זעהן וואָס דו קענסט אַליין.

העשעל: (אַ צופלאַמטער) וואָס איך קען אַליין? נו, וואו

איז זי נור? (דערזעהט זי אויפ'ן גאניק און טהוט זיך א לאז נאך איהר אריבערשפרינגענדיג איבער דעם פענסטער) ליילא, אהער קום!

מ י נ צ י : (מיט א האלב־דערשטיקטען געשריי) העשעל!

ר' א ב י ש : (פארכמורעט) אויף שעהנע דרכים קריכט ער עס.

ה ע ש ע ל : (דערהערט מינצי'ס קול און קומט צוריק אריין דורכ'ן פענסטער).

ל י י ל א : (קומט גלייכצייטיג אריין דורך דער טהיר).

ד ע ר א ל ט ע ר צ י נ י י נ ע ר : א, איז דאס א בחור! אזוי ווי א פיין אראבסקע פערדעל. מ'טאר זיך מיט איהם ניט רייצען. איהר האט א פיינעם יונג, בעל־הבית. זעהט איהר, דער וועט נאך אמאל קענען ברענען שליוואוויץ. (הויבט אויף זיין גלעזעל) אייך צום לעבען! (טרינקט).

צ י ג י י נ ע ר און צ י ג י י נ ע ר ט ע ס : און צו געזונד! (טרינקען).

ל י י ל א : (צו העשלען, לאבענדיג) די ווייבער ביי אייך טרינקען ניט? איך זעה ביידע בעל־הבית'טעס שטעהן אן א זייט.

ה ע ש ע ל : גערעכט. (כאפט צוויי גלעזלאך שליוואוויץ) מאמע, פארזוך נור א קאפיטשקע. אפילו שטארק, אבער גוט. פראדעל, אנו ווייז וואס דו קענסט.

פ ר א ד ע ל : מוחל. ביי אונז אין הויז טרינקען ניט ווייבער שארפע משקאות.

ה ע ש ע ל : זעה נור, מאמע, ווי זי ברעקעלט זיך.

מ י נ צ י : נעהם א ביסעלע, פראדעל. באנעץ די ליפען פון יוצא וועגען. (טרינקט).

פ ר א ד ע ל : (טהוט א זופ און פארהיסט זיך, די ציגיינער שיסען אויס אין א געלעכטער).

מ י נ צ י : (ברוגז) זעה נור א גדולה אויף זייערע קעפ! נו, נו!

ה ע ש ע ל : (דרעהט זיך שנעל אוועק; געהט צו צום טיש)

רבי הערש־געצעל, היידא!

הערש־געצעל: אנגיסען, הייסט עס?

העשעל: יא, אנגיסען, הייסט עס. אנו, חברה.

ליילא: (הויבט אויף איהר גלעזעל) דער יונגער בעל־הבית זאל לעבען!

ציגיינער און ציגיינערטעס: דער יונגער בעל־הבית! דער יונגער בעל־הבית! (טרינקען).

העשעל: טאטע, האסט זיי שוין אמאל געהערט זינגען כחברותא? א חזן מיט משוררים מעג ביי זיי אין הרובע הייצען.

ר' אביש: א שעהנער משל. זאג באטש להבדיל, שוייגאץ איינער.

העשעל: וואס מיר להבדיל! דער חזן הערט ניט און די ציגיינער אארט נים. דו דארט מיט'ן פיעדעל, טהו נור א שפיעל אויף.

ציגיינער מיט'ן פיעדעל: וואס שפיעלען, יונגער בעל־הבית?

העשעל: וואס הייסט וואס? דאס וועגען קאץ און וועגען פערד. ליילא וועט דאס זינגען.

ציגיינער מיט'ן פיעדעל: (גיסט שנעל אריין אך א גלעזעל שליוואוויץ און טהוט זיך א כאפ צום שפיעלען מיט גרויס אימפעט).

ליילא: (זינגט).

פיער קאצענע אדערן
דער עק פון א פערד;
א פיהר מיט דער האנד —
און ס'הויבט זיך די ערד!

ציגיינער: (שיסען אויס אין א געלעכטער)
כא, כא, כא, כא!
און ס'הויבט זיך די ערד!

ל י י ל א:

און גענאשט האט די קאץ
בלוט ווארעם און רויט;
און געווארט אויף דעם קאטער
הינטער א פלויט!

צ י ג י י נ ע ר: (ווי פריהער)

כא, כא, כא, כא!
הינטער א פלויט!

ל י י ל א:

און דאס פערד האט געוואנדערט,
אן אומרוה געוועז;
וואו געטאגט — ניט גענעכטיגט;
די וועלט איז צו שעהן!

צ י ג י י נ ע ר: (ווי פריהער)

כא, כא, כא, כא!
די וועלט איז צו שעהן!

ל י י ל א:

געפעלט מיר דאס פארעל
די קאץ און דאס פערד;
א פיהר מיט דער האנד —
און ס'הויבט זיך די ערד!

צ י ג י י נ ע ר: (ווי פריהער)

כא, כא, כא, כא!
און ס'הויבט זיך די ערד!

ה ע ש ע ל: (אין עקסטאז) האב איך דיר געזאגט, טאטע? שוין איינמאל א מזמור!

ר' א ב י ש: מ'קען ניט זאגען — א שעהנע חזנ'טע מיט כשר'ע משוררים. פון דיר ווערט א לייט, העשעל.

ה ע ש ע ל: געה שוין, געה. דו ביזט א שולחן־ערוך'ניק. א קאלטע לונג־און־לעבער. איי, ווי דאס זינגט זיך! (זינגט שטיל) פיער קאצענע אדערן — דער עק פון א פערד — א פיהר מיט

דער האנד —

לייל א: (כאפּט אונטער) היי־הא! און ס'הויבט זיך די ערד!

ציגיינער: (לאַכן און זינגען) היי־הא! און ס'הויבט זיך די ערד!

דער אלטער ציגיינער: (וועלכער איז דערווייל צוגעגאַנגען צו ר' אַביש'ן) הא, בעל־הבית? ניט קיין שלעכטע משקה מיין שליוואוויץ. א זופּ און ס'ווערט פייערדיג אין קאָפּ. (געלעכטער) נו, האָב איך מיט אייך טאקי געוואָלט רעדען מכח ברענען שליוואוויץ און מכח אייער זוהן. ווייל, פארשטעהט איהר מיך, מיר —

מינצי: אביש, טהו נור א קוק. פאַרוואָס פרעגסטו ניט דעם אידען וואָס ער וויל?

ר' אביש: (דרעהט זיך אויס און דערזעהט ביי דער מחיר אַן עלטערן איד, אַנגעטהון אין גוי'אישע, בעל־עגלה'סקע קליידער, מיט אַ בייטש אין דער האַנד; געהט צו צו איהם) שלום עליכם, אַ איד. (צו די אַנדערע) ששש! ליאַרעמט ניט אַזוי!

דער אלטער ציגיינער: (טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד און זיי ווערען שטיל; לאַנגזאַם רוקען זיי זיך אָב אין הינטערגרונד).

ר' אביש: נו? וואָס וועט איהר זאָגען גוטס?

דער בעל־עגלה: זענט איהר דאָס דער בעל־הבית פון דער גראַלניע? הא? יאָ? אויב אַזוי וויל איך אַז איהר זאָלט וויסען אַז מיר האָבען געבראָכען אַן אַקס.

ר' אביש: אויב אַזוי ווילט איהר איך זאָל וויסען וואָס?

דער בעל־עגלה: דאַכט זיך איך רעד פּראָסטע אידיש? געבראָכען אַן אַקס. אַזוי, געבראָכען. און טאַקי דאָ ניט ווייט פון אייער גראַלניע. איצט פאַרשטעהט איהר שוין? מיר זיינען קאַטאַרע וואָסערע נייַן מענשען; דאָס הייסט אַכט פאַרשווין

און איך. זוכען מיר א אידישע שטוב צו דאווענען מעריב, צו עסען וועטשערע און טאקי איבערצונעכטיגען. נו?

ר' אביש: נו, נו.

דער בעל־עגלה: אויף אייער לשון הייסט דאס אז יא; מ'קען. (עפענט די טהיר און שרייט ארויס) אידען, מ'קען! ברענגט נור אריין אייערע טלימעקלאך.

(וועהרענד די קומענדע פאר מינוט קומען אריין, איינציגוועיז און פארוועיז, ר' מישעל, ר' עוזר, ר' דוב־בער, סענדער, חיים גבאי און די דריי יושבים).

העשעל: (געהט צו צום בעל־עגלה) שלום עליכם. פון וואנען קומט א איד?

דער בעל־עגלה: הא? (באטראכט איהם א מינוט) דיין עסק? וואס למשל ביזטו דא?

העשעל: (צולאכט זיך) אסור אויב איך וויים. דערווייל גיט מיר דער טאטע עסען.

דער בעל־עגלה: אזוי, א טאטענס א קינד. הייסט עס, אליין א שטיקעל בעל־הבית דא. נו, מעג ער דאך פרעגען. מיר פאהרען פון טיסמעניץ קיין טיסמעניץ.

העשעל: וואס הייסט פון טיסמעניץ קיין טיסמעניץ? עפעס רעדט איהר דאך ווי — —

דער בעל־עגלה: — ווי א בעל־עגלה. ארויסגעפאהרען בין איך פון טיסמעניץ און איצט פאהר איך אהיים. א ברירה האב איך?

העשעל: (לאכט) גערעכט, ווי איך בין א איד. זאגט נור, אין טיסמעניץ וואוינט עפעס א מין רבי —

דער בעל־עגלה: א מין וואס?

ר' אביש: (וואס איז דערווייל פארטיג געווארען מיט די „שלום עליכם'ס", קומט צו און חערט די לעצטע ווערטער) רבי? וואס פאר א רבי? מסתם איינער פון די בעל־שם'סקע חברה; א זנאכער וואס האנדעלט מיט סגולות. זאגט נור, רבי איד, איהר

פיהרט אפשר קארלינטשיקעס?

דער בעל־עגלה: ווייס איך וואס? איך פיהר גאר שטיוועל אויפ'ן יאריד. וואס דרעהסט איהר מיר א ספאדעק מיט קארלינטשיקעס?

ר' אביש: ווארים טאמיר זיינען אייערע פארשווינגען קארלינטשיקעס —

דער בעל־עגלה: — און צוריקגערעדט, וואס ארען אייך קארלינטשיקעס?

ר' אביש: (א ברוגז'ער) מיך ארען זיי שוין גאר. קארלינטשיקעס טאר מען אין א אידישער שטוב ניט אריינלאזען. דער שולחן־ערוך איז ביי זיי בלאטע און זיי האבען נאך די העזה זיך צו רופען חסידים.

דער בעל־עגלה: אווא! און דער שולחן־ערוך שווייגט זיי?

ר' אביש: בקצור, טענה'ט ניט אזוי פיעל. טאמיר קארלינטשיקעס — וויל איך זיי אויף די אויגען ניט זעהן.

דער בעל־עגלה: איז גוט צו וויסען. אויב איך וועל זיי טרעפען, וועל איך זיי זאגען אז זיי זאלען זיך ניט דערוואגען אריינצושטעקען די נאז אהער. און איצט, בעל־הבית, וואו קען מען ערגעץ אוועקלעגען די טלימעקלאך? נור אזוי, אז מארגען זאל מען זיי נאך געפינען. (מיט א ווינק אויף די ציגיינער) איך זעה דא די חברה־קדושה כאפ־לאפ. איי, קלעפיגע פינגער!

ר' אביש: זארגט ניט. ס'וועט אייך גארניט פעהלען. הערש־געצעל, טהו זיך א ריהר און וויין די אידען אין דריט־שטוב אריין.

מינצי: אהער, אהער מיינע ליעבע אידען. (לאזט זיך געהן לינקס) פראדעלע, דו וועסט מיר העלפען אנגרייטען עפעס אין מויל אריין פאר די אורחים. קום און איך וועל דיר געבען א חלק פון מיין מצוה. (אב מיט פראדלען).

הערש־געצעל: אנו, בעל־עגלה, העלפט מיר נור

אריינטראגען די טלימעקלאַד.

דער בעל־עגלה: מיט'ן גרעסטען אום־כבוד. אדרבא! (בויגט זיך אַן אויפצוהויבען אַ טלימיקעל).

ר' דוב־בער: (לויפט צו) חלילה, רבי! (כאַפּט ביי איהם אַרויס דאָס טלימיקעל).

ר' אביש: (פאַרוואונדערט) ביי אייך רופט מען דעם בעל־עגלה אויך רבי? מ'קען ניט זאגען — אַ שעהנער רבי.

דער בעל־עגלה: (לאַכט) כע, כע, כע! איהר ווייסט פאַרוואס ער רופט מיך רבי? כע, כע, כע! ערשטענס ווייל איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן; והשנית בין איך טאַקי אַ שטיקעל בעל־עגלה'שער רבי.

ר' אביש: (לאַכט) וואָס אַ שטייגער איז אַ בעל־עגלה'־שער רבי?

דער בעל־עגלה: וואָס פאַרשטעהט איהר ניט? ס'איז דאַ אַ רבי פון גנבים; איז דאַ אַ רבי פון בעלי־עגלות. ווי איהר זעהט מיך, בין איך ניט קיין פּראָסטער בעל־עגלה; איך האָב אויסגעפונען דעם סוד פון אמת'ער בעל־עגלה'שקייט.

העשעל: און וואָס איז דער סוד פון אמת'ער בעל־עגלה'שקייט?

ר' אביש: (ציהט מיט די פּלייצעס) ווייס איך וואָס דער איד פּלאַפּעלט דאָרט? ער ווייסט דעם סוד פון אמת'ער בעל־עגלה'שקייט.

דער בעל־עגלה: (מיט באַטאָנונג) דער סוד איז צו האָבען אַ בייטש און ניט צו שלאָגען די פערד.

העשעל: (לאַכט) אַט אַזוי. פּשוט. צו האָבען אַ בייטש און ניט צו שלאָגען די פערד.

דער בעל־עגלה: (לאַכט מיט איהם) יאָ, יאָ. פּשוט, פּשוט.

ר' דוב־בער: (אין עקסטאַז) עמקות! אַ טיעף וואָרט. געהערט, רבי מישעל?

דער בעל־עגלה: (קוקט אויף איהם א שארפען קוק) רבי דוב־בער! קומט שוין. און זעהט פאלט ניט איבער אייערע אייגענע שטיוועל. (אב לינקס מיט מקורבים און הערש־געצלען).

העשעל: א וואויל אידעל, טאטע. עפעס אזא הארציגער. הא?

ר' אביש: איך ווייס וואס? א פורים־רב.

העשעל: זאל זיין אזוי. (צו די ציגיינער) און איצט, חברה, צוריק צום שליוואוויץ. קומט נעהענטער און נעהמט צו ביסלאך. (טראגט צו א גלעזעל שליוואוויץ דעם אלטען ציגיינער).

דער אלטער ציגיינער: ניט פאר מיר. מיר האבען שוין געטרונקען אונזער חלק. איצט געהן מיר.

העשעל: וואס הייסט — ?

דער אלטער ציגיינער: איך האב שוין געזעהן וואס ס'איז געווען צו זעהן און געהערט וואס ס'איז געווען צו הערען. צייט צו געהן, חברה. קומט.

העשעל: ווייס איך וואס? קיינער געהט נאך ניט. אז דעם טאטען געפעלט יא די משקה, דארף מען איבערעדען מכח ווייטער ברענען שליוואוויץ און —

דער אלטער ציגיינער: הייסט עס דעם אלטען בעל־הבית געפעלט אויך אונזער שליוואוויץ? נו, וויל איך אייך עפעס זאגען. פלוימען האט איהר דא זעהר גוטע. מ'קען פון זיי ברענען שליוואוויץ. נור ווער ס'זאל ברענען איז דערווייל ניטא.

ר' אביש: זענט איהר דאך דא. און מיין העשעל זאגט אז ער לערנט זיך ביי אייך.

דער אלטער ציגיינער: אבער איך און מיינע מוזען היינט ביינאכט אבפאהרען פון דאנען.

העשעל: (פארדריסליך) אבער וואס אזוי פלוצלינג? וואס איז?

דער אלטער ציגיינער: אויף יענער זייט בערג ברענט מען איצט שליוואוויץ. דארט דארף מען איצט אי קעסעל־

מאבער, אי שליוואוויץ־ברענער.

ה ע ש ע ל : נו, איז וואס? מיר דא וועלען צאהלען גוטע שכירות.

ד ע ר א ל ט ע ר צ י ג י י נ ע ר : ניטא וואס צו טענה׳ן. דארט איז אנדערש. און אזוי איז שוין ביי אונזערע. קומט אן פאה־רען, פאהרט מען.

ר ׳ א ב י ש : אט האסטו דיינע פינף־און־צוואנציג הונ־דערט ליטער שליוואוויץ אויף פסח.

ד ע ר א ל ט ע ר צ י ג י י נ ע ר : איך וועל אייך עפעס זאגען, בעל־הבית. זאל אייער זוהן פאהרען מיט אונז. אין א שטי־קעל צייט ארום, שיק איך איהם אייך צוריק א שליוואוויץ־ברענער איינער אין דער וועלט. נו, אויב איהר האט קוראזש —

ה ע ש ע ל : טאטע, איך פאהר!

ר ׳ א ב י ש : ביזט משוגע געווארען צו חסר־דעה?

ד ע ר א ל ט ע ר צ י ג י י נ ע ר : הערט מיך אויס, בעל־הבית. א פאר חדשים צייט איז דאך נים — — —

ד ע ר ב ע ל ־ ע ג ל ה : (מיט די מקורבים, קומען אריין טומלענדיג) אנו, אנו! מעריב דאווענען. פעהלען צוויי אידען צום מנין. בעל־הבית! יונגערמאן! נו, זיינען מיר שוין צעהן. וואו איז מזרח, הא?

ר ׳ א ב י ש : אט דא איז מזרח. (ווייזט איהם).

ד ע ר ב ע ל ־ ע ג ל ה : נו, שטיל זאל זיין! איך האב יאהרצייט, וועל איך דאווענען פאר׳ן עמוד. (דרעהט זיך אוים מיט׳ן פנים צו מזרח־וואנד) ויהי רחום יכפר עון ולא ישחית — — —

ד ע ר א ל ט ע ר צ י ג י י נ ע ר : (פילעט ארוים די אויגען אזוי ווי עמיצער זאל איהם האבען א קלאפ געטהון אין קאפ אריין; א צוקאכטער און דערשראקענער) קומט, קומט, קומט! (ער מיט די ציגיינער אנטלויפען ווי אין א בהלה דורך דער גלעזערנער טהיר).

(פארהאנג)

## דריטער אַקט

# ששש! וואוהין געהט העשעל?

(ביי ר' אַביש'ן אויפ'ן הויף. — רעכטס, דאָס הויז. עטליכע לאַנגע, נידריגע טרעפּ פיהרען אַרויף צום הילצערנעם גאַניק. דורך דער גלעזערנער טהיר און דורך די פענסטער זעהט זיך דער מאַטער שיין פון אַ לאָמפּ. — לינקס, אין היכטערגרונד, זעהן זיך די סילהועטען פון דער גראַלניע און פון די אַרומיגע געביידעס; עטוואָס אָבגערוקט צום צענטער, די וואָגען־ביידלאך פון די צי־גיינער, באַלויכטען פון צייט צו צייט פון אַ טאַנצענדיגען פייערל וואָס וואַרפט אַן אונהיימליכען ליכט אויף די בוי־מער פון הויף. — לינקס, אין פאָרגרונד, אַ פּלויט מיט אַ טויער און אַ בוים מיט אַ נידריגער באַנק).

(האַלבע נאַכט).

(די שאָטען־געשטאַלטען פון די ציגיינער באַוועגען זיך שטיל און אַהן אַ שאָרך אין הינטערגרונד. דורך דעם טויער שטעקען אַריין זייערע קעפּ יאיר און דאַמיניע; דער לעצטער טראָגט אַ ברענענדיגען לאַמטערן).

יאיר: לעש אויס דעם לאַמטערן, דאַמיניע. אַז ניט, וועט מען אונז דערזעהן.

דאַמיניע: (לעשט אויס) שוין אויסגעלאַשען, פּאַניע יאיר. און איצט וואָס?

יאיר: און איצט וועלען מיר שווייגען. אַז ניט, וועט מען אונז הערען. ששש!

ד אַ מ י נ י ע : אויך גוט. איז שששאַ!

י א י ר : אַט דאָרט לייגט זיך אין אַ פענסטער. זעה נור, עמיצער שפּאַנט אויף און אַב איבער דער שטוב. שייך אַז דאָס איז דער רבי? איין מינוטקעלע און איך וועל זעהן. (געהט צו אויף די שפּיץ פינגער צום גאַניק און קומט צוריק) ניין, דאָס איז ניט דער רבי. דאָס איז העשעל. ער ציהט מוחות.

ד אַ מ י נ י ע : ער ציהט וועמען? האַ?

י א י ר : אַ שעהנע כתה האָט מיר דער רבי איבערגע־לאָזט — דאָמיניע'ן. געה זיץ מיט איהם אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ וואַגען אין מיטען וואַלד. אויף יעדען וואָרט איז — האַ? וואָס? געה גיב דאָמיניע'ן צו פאַרשטעהן וואָס דאָס איז אַזוינס ציהען מוחות!

ד אַ מ י נ י ע : איי, גערעכט, פּאַניע יאיר. פאַרוואָס טאַקי האָט מען אונז ביידע איבערגעלאָזט אין דרויסען? האַ?

י א י ר : דיך — ווייל אַ וואַגען דאַרף ניט קיין צוויי בעלי־עגלות; און מיך — ווייל איך טאָר דערווייל ניט ווייזען מיין פּנים ביי רבי אביש'ן אין שטוב.

ד אַ מ י נ י ע : ווייזט אויס, אַז דער רבי אביש קען אייך, האַ?

י א י ר : נו, יאַ. אודאי קען ער מיך. טויג ניט. דערווייל איז די נאַכט לאַנג ווי דער גלות און איך שטאַרב אַוועק וויסען צו איז בולמיע טאַקע בולמיע און אויב ער איז בולמיע, וואָס דאַ וועט ווערען?

ד אַ מ י נ י ע : און איך, פּאַניע יאיר, וויל וויסען, צו איז דאָס רעכט אַבצושטעהן אַ האַלבע נאַכט אַזוי נאָהענט צו אַ גראַלניע און ניט אַריינכאַפּען אַ טרונק בראַנפען?

ד ע ר צ ד י ק : (נאָך אַלץ אין די בעל־עגלה'שע קליידער; קומט אַרויס פון הינטער אַ בוים) איך האָב ניט פאַרגעסען אַז דיר, דאָמיניע. אַט האָסטו אַ פלעשעל אַקאָוויט. (גיט איהם דאָס פלעשעל).

ד אַ מ י נ י ע : איי, לאַנגע יאָהרען דעם הייליגען ראַבין.

מיר איז טאקי געווען א ביסעל קיהל און א ביסעל בין איך געווען דורשטיג. (טהוט א זיפ).

דער צדיק: געוואלט האב איך דיר צוטראגען דאס פלעשעל בראנפען צום וואגען, האב איך אבער ניט געקענט אוועקגעהן.

יאיר: וואס'זשע? א שמירה־נאכט, רבי?

דער צדיק: יא. און פרעג מיך מעהר קיין קשיות ניט, יאיר. בולמיע איז בולמיע. אט דארט — דו זעהסט דאס פייערל? — דארט ליעגט ער מיט זיינע מישטאלירעס. וואס ער וויל, ווייס איך. נור ווי אזוי — אט דאס האט מען מיר נאך ניט געוויזען. ליעג איך דא און היט.

יאיר: מילא קיין קשיות טאר מען ניט פרעגען; נור אזוי ווי ליעגען אויפ'ן וואגען איז ניט אזא מאכל־מלכים —

דער צדיק: (שארף) יאיר, איך נעהם זיך ניט איבער ביים רבונו־של־עולם. איך טהו וואס מ'הייסט און איך קרעכץ ניט. געה צוריק מיט דאמיניע'ן צום וואגען. דאמיניע וועט דיך אויפוועקען ווען איך וועל דיך דארפען.

יאיר: דאמיניע וועט מיך אויפוועקען? דאס הייסט אז ער וועט וויסען ווען און איך ניט?

דער צדיק: יא. ער וועט וויסען ווען. ער פרעגט קיין קשיות ניט, האט ער א גרעסערע זכיה פון דיר. נו, געהט. דא וועט באלד ווערען אן ענגעניש. אט קומען אנדערע צוויי. (יאיר און דאמיניע אב; דער צדיק פארשווינדט ווידער אין די שאטענס וועהרענד צוויי שאטען־געשטאלטען דערנעהנטערען זיך פון הינטערגרונד — דער אלטער ציגיינער און ליילא).

דער אלטער ציגיינער: (וויל זי צוריקהאלטען) דו, מיידעל, היט זיך. דו ווייסט ניט וואס איך ווייס. דו הער בעסער וואס איך רעד צו דיר.

ליילא: (לויפט צו נעהענטער צום גאניק) קום אהער, אלטער. זעה, אט איז ער דאך. ער שפאנט אויף־און־אב און אויף־

און־אב. ער ווארט איך זאל איהם רופען.

דער אלטער ציגיינער: אפשר ווארט ער און אפשר ניט. אבער ער איז ניט אליין. (קוקט זיך ארום) דו ווייסט ניט וואס איך ווייס.

לײלא: (מיט פארביסענקייט) איך ווייס ניט? הא? ניין, איך ווייס ניט אז היינט ביינאכט האט זיך דא באוויזען עמיצער וואס האט דיך דערקענט? ניין, איך האב ניט געזעהן ווי ביי דיר האבען אנגעהויבען ציטערן הענד און פיס ווען ער איז אריין מיט דער בייטש אין די הענד? ניין! איצט ווילסטו אבציהען פון דאנען מיט לעדיגע הענד. אוים! ניטא מעהר קיין כח, אלטער!

דער אלטער ציגיינער: (בייז) הער נור, דו! צו מיר רעדט מען ניט אזוי — ביט מיינע אייגענע. איך קען נאך א סך, א סך.

לײלא: יא — א סך! און דו אנטלויפסט.

דער אלטער ציגיינער: דו ווייסט ניט ווער דער אלטער בעל־עגלה איז. געדענקסט איך האב דיר דערצעהלט ווי אזוי איך האב געקראגען די בולמיע אויפ'ן אויג? אט דאס האט דער מיר אבגעשטעמפעלט כדי מען זאל מיך דערקענען צוויישען זיינע. אט דאס איז — דער ליולקע־ציבור.

לײלא: (דרעהט זיך אב פון איהם; הויבט אן זינגען שטיל)

אין הויכען גראז

איז געזעסען א האז;

האז! האז!

וואו האווקען די הינט?

א ציה מיט'ן נאז —

און ניטא מעהר קיין האז

אין הויכען גראז,

האז! האז!

ווען ס'האווקען די הינט.

דער אלטער ציגיינער: (בייז) איך זעה אז דו וועסט מיך שוין ניט לאזען רוהען. נו, גוט. וואס ווילסטו טהון איצט?

לײלא: צוערשט, טרעט אב אן א זייט און לאז מיך געהן. איך וויל זיין מיט העשלען אליין.

דער אלטער ציגיינער: אבער, געדענק! היינט ביינאכט פאהרען מיר. פאהרט העשעל מיט אונז, פאהרט ער. אויב ניט, פאהרען מיר אהן איהם.

לײלא: (טופּעט מיט׳ן פוס) מ׳פאהרט ניט אן איהם. געה שוין!

דער אלטער ציגיינער: (טרעט אב און פאר־שווינדט אין די שאטענס).

לײלא: (הויבט אן פייפען שטיל און מעלאדיש, אזוי ווי א פויגעל וואלט זיך צוזינגען ערגעץ אין די צווייגען).

העשעל: (עפענט דאס פענסטער און דערזעהט זי; ער פאר־שווינדט שנעל).

דער צדיק: (וואקסט פלוצלינג אויס לעבען ליילא׳ן) דו! איך קען אויך פייפען. ווילסט אפשר הערען?

דער אלטער ציגיינער: (שפּרינגט ארויס) דו זעהסט, מיידעל? איך האב דיר געזאגט אז ער איז ניט אליין. קום אוועק פון דאנען. (כאפּט זי אן ביים ארעם און פיהרט זי אוועק).

דער צדיק: אזוי גאר? ניט מיט׳ן יצר־הרע פון שליוואוויץ נור מיט׳ן יצר־הרע פון זנות וויל ער מיט מיר מלחמה האלטען. ניט קיין לייכטער ביסען. אווא! נו, רבונו־של־עולם, אפשר וואלסטו געווארען א שותף צום עסק?

העשעל: (קומט ארויס אויפ׳ן גאניק; קוקט זיך ארום).

דער צדיק: וואס׳זשע, יונגערמאן? דו שלאפסט נאך ניט אדער דו ביזט שוין אויפגעשטאנען?

העשעל: (צושמעלט) שוין אויפגעשטאנען — דאס

הייסט — איך מיין —

דער צדיק: מסתם אברעכטען חצות? הא?

העשעל: יא — איך שטעה אויף — — דאס הייסט —

דער צדיק: הער אויף בלאנדזשען, העשעל.

העשעל: הערט נור, בעל־עגלה'שער רבי — ווער בעט עס עצות ביי אייך? פון וואנען ווייסט איהר אז איך בלאנדזשע? ווער בלאנדזשעט ווער?

דער צדיק: דו פרעגסט דאך מיך, וועל איך דיר זאגען. ראשית, זעה איך, בלאנדזשעסטו מיט די אויגען. וואס זוכסטו דארט צווישען די בוימער, הא? (קורצע פויזע) והשנית, בלאנדזשעסטו מיט דער צונג. דו שרייסט ווייל דו שרעקסט דיך פאר עפעס. ווענען וואס טראכסטו? והשלישית, זעה איך, בלאנ־דזשעסטו מיט די פיס אויך. דו ווילסט געהן אהער און זיי שלע־פען דיך ערגעץ אנדערש. ווייסטו וואס איך וועל דיר זאגען, יונ־גערמאן? זעץ זיך גאר אוועק לעבען מיר און איך וועל מיר אויס־רויכערן א ליולקע טיטון. (פארויכערט).

העשעל: (זעצט זיך לעבען איהם אויף די טרעפ פון גאניק) נו, זיץ איך. (קורצע פויזע) ווער זענט איהר?

דער צדיק: (לאכט שטיל) דו האסט מיך ניט געפרעגט דאס וואס דו האסט געוואלט פרעגען. די מינוט ווילסטו דוקא ניט וויסען ווער איך בין: דו ווילסט נור וויסען פון וואנען איך בין פלוצלינג אויסגעוואקסען אין מיטען נאכט, פונקט ווען דו האסט בדעה געהאט —

העשעל: (שלאגט איהם איבער) נו, וואס א שטיינער מחוט איהר דא אזוי שפעט ביינאכט?

דער צדיק: אט אזוי'זשע פרעג! איז ראשית, בין איך געגאנגען זעהן צי די ציגיינער האבען ניט ארויסגעגנב'עט מיין פערדעל פון שטאל; און דערנאך האב איך גלאט געוואלט א קוק טהון אויף מיין וואגען מיט דער צעבראכענער אקס.

ה ע ש ע ל : מורא געהאט אז מ׳זאל ניט אוועקלאטכענען די שטיוועל?

ד ע ר צ ד י ק : וואס פאר א שטיוועל?

ה ע ש ע ל : דאכט זיך איהר האט געזאגט דעם טאטען אז איהר פיהרט שטיוועל אויפ׳ן יאריד.

ד ע ר צ ד י ק : (לאכט) אויב כ׳האב אזוי געזאגט, פיהר איך. אין אמת׳ן האב איך דארט צוויי פאר שטיוועל — איין פאר גוי׳עשע און איין פאר אידישע. האנדלען, אבער, האנדעל איך מיט י״ש.

ה ע ש ע ל : הייסט עס שוין ניט מיט שטיוועל נור מיט בראנפען?

ד ע ר צ ד י ק : (שמייכעלט) ווער האט דיר געזאגט אז איך האנדעל מיט בראנפען?

ה ע ש ע ל : וואס׳זשע, י״ש הייסט ניט קיין בראנפען?

ד ע ר צ ד י ק : אויב מ׳וויל איז י״ש בראנפען און אויב מ׳וויל איז י״ש יראת־שמים. יעדער קלויבט זיך אויס וואס ער וויל. וואס א שטייגער וועסטו אויסקלייבען, העשעל?

ה ע ש ע ל : (לעהנט אן דעם קאפ אויף ביידע הענד; ענטפערט ניט).

ד ע ר צ ד י ק : (לעגט ארויף זיין האנד אויף העשעל׳ס פלייצע און גלעט איהם) נו, העשעל־לעבען, וואס וועסטו אויס־קלייבען?

ה ע ש ע ל : איך קלייב ביידע און איך קלייב גארניט. איך וויים ניט. (מיט א טיעפען קרעכץ) איך וויים ניט.

ד ע ר צ ד י ק : נו, אויך גוט. אבי דו ווייסט אז דו ווייסט ניט ביזטו שוין אויף א דרך.

ה ע ש ע ל : (גערייצט) וואס אארט אייך צו איך וויים צו איך וויים ניט? וואס זוכט איהר? און — טאקי נאכאמאל — ווער זענט איהר?

ד ע ר צ ד י ק : ווען דו וואלסט דוקא וועלען וויסען,

וואָלסטו געוואָהר געוואָרען. פּשוט — דו ווילסט ניט. דו ביזט צוטראָגען, יונגערמאַן.

ה ע ש ע ל : (מיעד) איך בין ניט צוטראָגען.

ד ע ר צ ד י ק : אפשר זאָל איך דיר זאָגען וואָס דיך קוועטשט? האָ, זאָגען?

ה ע ש ע ל : וואָס'זשע? אַלץ ווייסט איהר? קענט איהר מיר אפשר זאָגען אויף וואָס די וועלט שטעהט?

ד ע ר צ ד י ק : דאָס אַלץ? אַ קליינינקייט. פאַרוואָס האָסטו ניט געפרעגט דיין טאַטען?

ה ע ש ע ל : שוין געפרעגט.

ד ע ר צ ד י ק : נו?

ה ע ש ע ל : ביים טאַטען שטעהט די וועלט אויף אַ צוריסענעם עירוב און אויף טעפּעל־לעפעל.

ד ע ר צ ד י ק : איז ער במחילה אַ פּראָסטאַק. ווייס איך שוין אפילו בעסער.

ה ע ש ע ל : היינו?

ד ע ר צ ד י ק : לויט מיין חשבון שטעהט די וועלט אויף אַ פייף. (קורצע פּויזע).

ה ע ש ע ל : (שמייכעלט פרויעריג) ניט שלעכט, בנאמנות. פּשוט אויף אַ פייף. למשל, וועמעס פייף?

ד ע ר צ ד י ק : וואָס הייסט וועמעס פייף? מיין פייף, דיין פייף. אַט אַ שטייגער איך; איך קען טהון אַ פייף אַז דער הימעל זאָל זיך שפּאַלטען. אַט וועל איך דיר ווייזען. (לעגט אריין צוויי פינגער אין מויל אריין און טהוט אַ שאַרפען פייף).

ה ע ש ע ל : דאַכט זיך אַז דער הימעל איז נאָך אַלץ גאַנץ.

ד ע ר צ ד י ק : ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן. דו האָסט ניט געזעהן ווי דער הימעל האָט זיך געשפּאַלטען, ווייל דו האָסט ניט געקוקט. און דו האָסט ניט געקוקט, ווייל דיינע אויגען בלאָנדזשען נאָך אַלץ דאָרט צווישען די בוימער. וואָס זוכסטו דאָרט, העשעל?

ה ע ש ע ל : וואָס איך זוך דאָרט? (קורצע פּויזע) נו, איך

וועל אייך זאגען; אפשר וועט איהר פארשטעהן. איהר זעהט דארט צווישען די בוימער — דארט לויפט א סטעטשקע. די סטעטשקע גרענעצט זיך אן א ברייטען וועג און דער וועג פיהרט בארג־ארויף און בארג־אראב, דורך וועלדער און פעלדער און שטעדט און מענשען. און איך וויל זיי אלע זעהן און — —

דער צדיק: — און פון זיי געזעהן ווערען. שעהם זיך ניט, העשעל. פארוואס ניט?

העשעל: — און איך קען זיך ניט ריהרען פון פלעק.

דער צדיק: וואס הייסט, דו קענסט ניט? מ׳הויבט זיך אויף און מ׳פאהרט. ווארים אז איינער איז בטבע א פאהרער, איז גלייכער ער זאל פאהרען. ווער לאזט ניט?

העשעל: ווער לאזט ניט? (ליידענשאפטליך) זיי לאזען ניט! זיי ווילען ניט! ווייל דער טאטע הייסט לערנען און די מאמע הייסט עסען און פראדעל הייסט איינזיצען אויף אן ארט. און אויב ניט — שרייט דער טאטע און די מאמע זיפצט און פראדעל וויינט. ס׳איז גוט צו זאגען: ווער לאזט ניט?

דער צדיק: נו, העשעל, אויב דו ווילסט דוקא פאה־רען, וועלען מיר זיי איינבעטען. איי, וועסטו פרעגען, מיט וועמעס כח? איז דער תירוץ, מיט׳ן רבינ׳ס כח. (קורצע פויזע) ביי מיר אוים׳ן וואגען איז דא פלאץ פאר נאך א פארשוין און היינט כעלות פאהרען מיר. וואס׳זשע זאגסטו העשעל?

העשעל: דאכט זיך איהר פאהרט קיין טיסמעניץ?

דער צדיק: יא, פון טיסמעניץ קיין טיסמעניץ.

העשעל: און דארט, האט מען מיר געזאגט, וואוינט א גרויסער צדיק.

דער צדיק: ווייס איך וואס? ס׳וואוינט דארט א רבי פון קארלינטשיקעס. ביי מיר האט ער א פנים פון א טרעגער־יונג; וואס אידען לעגען ארויף אויף זיינע פלייצעס טראגט ער. נו, ס׳קען נים שאטען אז דו זאלסט דיך צוקוקען צו זיין הנהגה. ס׳וועט ביי איהם זיין שטארק אנגעלעגט.

ה ע ש ע ל: איך ווייס? אפשר וואלט גלייך געווען ווען איך זאל זיך דורכפאהרען צו איהם. מ'קען ניט וויסען; ס'קען זיך דוקא מאכען אז ער ווייסט אויף וואס די וועלט שטעהט.

ד ע ר צ ד י ק: אויב ער ווייסט, וועט ער דיר דעם סוד אויסזאגען. אודאי. נו, הייסט עס, פאהרען מיר?

ה ע ש ע ל: אויב מיט מיר וועט נור גאר ניט פאסירען —
— — (שטעהט מיט פארלעגטע הענד; איז שטארק צוטראגען).

ד ע ר צ ד י ק: נו, זאל זיין גענוג. העשעל, געה שלא־פען. נור איידער דו לעגסט דיך, וויל איך האבען א משכון אז דו פאהרסט מיט מיר מארגען.

ה ע ש ע ל: א משכון גאר? איך פארשטעה ניט.

ד ע ר צ ד י ק: (לאכט) אט אזוי אז הלצה'לע. ווארים אין אמת'ן וואס טויג מיר א משכון? דו וועסט מיך דען חלילה אנפיהרען? אדער חרטה האבען? נור אזוי ווי איך האב פאר־געסען אריינלעגען מיין תהלים'ל אין תפלין־זאק, וויל איך אז דו זאלסט מיר לייהען דיין תהלים'ל. וועל איך ערשטענס האבען פון וואס צו זאגען תהלים מארגען פאר'ן דאווענען און, אגב, וועל איך טאקע האבען דיינעם א פקדון.

ה ע ש ע ל: א חדוש איהר קענט נאך ניט אויסוועניג?

ד ע ר צ ד י ק: נארעלע, וואס דו ביזט! און אינוועניג קען איך דען? אט זאג איך. נו, העשעל־סערצע, טהו דיך א ריהר. ס'איז שפעט.

ה ע ש ע ל: ווארט א מינוט. אט וועל איך אייך ארויס־זוכען מיין תהלים'ל. (אב אין הויז).

ד ע ר צ ד י ק: הייסט עס, איך האלט מיט איהם אויף א שטיקעל דרך. נו, רבונו־של־עולם? צופריעדען? (ציגדט אן א שוועבעלע צו פארויכערען זיין ליולקע; ביי דעם קליינעם פלאם דער־זעהט ער דעם אלטען ציגיינער אין די שאטענס, קריכענדיג שטיל צום גאניק; ער פארלויפט איהם דעם וועג און א מינוט שטעהן די צוויי שווייגענדיג, איינער געגען דעם אנדערען).

דער אלטער ציגיינער: באַ! ס'וועט דיר גאַר ניט העלפען. ניט דאסמאל!

דער צדיק: (בייז) בולמיע!

דער אלטער ציגיינער: וואָס סטראַשעסטו, ליולקע־ציבור? איך טהו. מיר מיינס, פונקט ווי דו טהוסט דיר דיינס. ווער איז גערעכט? איך? דו? דאָס ווייסט נור איינער און ער שווייגט.

דער צדיק: ליגנער! ער שווייגט ניט. בולמיע, היט דיר די ביינער!

דער אלטער ציגיינער: דאָס מאָל פּועל'סטו ניט. וואָרים אויב העשעל קריגט דיין טשין, וועט ער זיין ערגער פאַר דיר. ער איז אַ ברען! נו, פאָלג מיך, קלייב דיר אויס אַן אנדערען יורש. ניט מיר, ניט דיר.

דער צדיק: וואָס?? עסקים זאָל איך מיט דיר מאַכען? דו וועסט דיך מיט מיר דינגען? די מינוט זאָלסטו דיך פון דאַנען אבטראָגען. דו הערסט?

דער אלטער ציגיינער: ווילסטו ניט. נו, ווייסטו וואָס? לאָז איהם מיר אויף אַ חודש־צייט. זאָל ער דער־נאָך אויסקלייבען.

דער צדיק: איך הער דיך ווי דעם פאַריאָהריגען שנעע. געה שוין.

דער אלטער ציגיינער: נו — אויף אַ וואָך. אַלץ ניט? נו זאָל זיין אויף אַ טאָג. אויף איין טאָג!

דער צדיק: ניט אויף אַ רגע. געה, בולמיע, און הער דיך אויף צו מישען אין מיינע עסקים.

דער אלטער ציגיינער: ליולקע־ציבור, דו וועסט חרטה האָבען. געדענק.

דער צדיק: דו סטראַשעסט מיך גאַר? אַט וועל איך דיך מבכר זיין וועסטו וויסען וואָס ס'הייסט סטראַשען. (גיט

איתם אַ קלאַפּ מיט'ן ליולקע־ציבוך איבער'ן קאָפּ) ממית'ן וועל איך דיך.

דער אַלטער ציגיינער: (טהוט זיך אַ כאַפּ מיט ביידע הענד ביים קאָפּ און לאָזט זיך לויפען לינקס צום הינטערגרונד).

דער צדיק: (לויפט איהם נאָך, פאָכענדיג מיט'ן ליולקע־ציבוך) ממית'ן! ממית'ן!

צווייטע ציגיינער: (טהון פלוצלינג אַ שפרונג ארויס פון הינטער אַ בוים, פאַרלויפען הינטערוויילעכטס, וואַרפען אַרויף אַ זאַק אויף דעם צדיק'ס קאָפּ; ער טהוט אַ געשריי, אָבער דער געשריי ווערט דערשטיקט; זיי לעגען איהם אַוועק אויף דער ערד און בינדען איהם הענד און פיס. — פון דערווייטענס קלינגט אַ קלויסטער־גלאָק צוועלף).

דער אַלטער ציגיינער: (צו איינעם פון די ציגיינער) גיב מיר דיין מעסער. שנעל!

דער ציגיינער: דאָס מעסער? דו ווילסט דאָך ניט — — —

דער אַלטער ציגיינער: דאָס מעסער, האָב איך געזאָגט. שנעל! (נעהמט דאָס מעסער) איצט קנעפּעל איהם אויף דעם סערדעק און שלעפּ אַרויס אַט־אַט־דאָס. (שלעפּט אַרויס דעם לייבסערדאַק און שניידט אָב אַ ציצה) אזוי! איצט איז ער ווי אַ ביסיק מיט אַן אונטערגעהאַקטער קרילע. דו האָסט געבראַכט דעם צלם? האַ? גיב איהם אַהער. אַזוי, אין גאַרטעל אריין! (שטעקט אַריין דעם צלם אין צדיק'ס גאַרטעל) און איצט אין שטאַל אריין! אַנו! (זיי טראָגען איהם אַוועק אין הינטערגרונד) נו, ליולקע־ציבוך? דו וועסט שלאָגען? האַ? בולמיעס וועסטו מאַכען אויף די אויגען? האַ? (אָב).

ליילא: (וואָס האָט זיך באַוויזען צווישען די ביימער בשעת מען האָט דעם צדיק געבונדען, צולאָכט זיך שטיל און לאַנג) ער פאַלגט נאָך אַלץ, דער אַלטער! כאַ, כאַ, כאַ! (קורצע פויזע).

העשעל: (קומט אַרויס פון הויז, אַ תהלים'ל אין האַנד;

שטעהט אַ מינוט פאַרוואונדערט ווען ער באַמערקט אַז דער בעל־עגלה איז ניטאָ) יבשן ניטאָ! (הויבט איהם אָן זוכען איבערן הויף) הפנים ער האט חרטה געהאט אויפ'ן מקח. (נאָך אַ פּאָר מינוט זוכעניש, זעצט ער זיך אַוועק אויף די טרעפּ פון גאניק און לעהנט אָן דעם קאָפּ אויף ביידע הענד. קורצע פּויזע. פּלוצלינג דערפיהלט ער ווי עמיצער טהוט אַ ריס דאָס תהלים'ל פון זיין האַנד און טהוט עס אַ וואַרף צו דער ערד; ער הויבט אויף דעם קאָפּ און דערזעהט לעבען זיך ליילאַ'ן. אַ מינוט שווייגען ביידע; דאַן טהוט ער שטיל אַ פרעג) פאַרוואָס האָסטו דאָס געטהון, ליילאַ?

ל י י ל אַ : ווייל — — ווייל אַזוי.

ה ע ש ע ל : (הויבט זיך אויף און לאָזט זיך זוכען דאָס תהלים'ל).

ל י י ל אַ : העשעל!

ה ע ש ע ל : וואָס איז?

ל י י ל אַ : הויב עס ניט אויף.

ה ע ש ע ל : האַ? פאַרוואָס ניט?

ל י י ל אַ : (בייז) ווייל — ווייל איך וויל ניט. זאָל עס ליעגען וואו עס ליעגט.

ה ע ש ע ל : (פאַרוואונדערט) וואָס הייסט? — — הער נור — — דו ווייסט ניט וואָס דאָס איז. ביי אונז איז דאָס אַ הייליגע זאַך. (זוכט ווייטער).

ל י י ל אַ : הויב עס ניט אויף, העשעל! הויב עס ניט אויף! איך וועל צו דיר ניט צוגעהן, ווען דו וועסט עס אויפהויבען.

ה ע ש ע ל : (דערזעהט דאָס תהלים'ל, הויבט עס אויף און טהוט דעם ספר אַ קוש; ווען ער דרעהט זיך אויס, דערזעהט ער ווי ליילא רוקט זיך אָב פון איהם אַזוי ווי אין גרויס שרעק; ער טהוט אַ געשריי) ליילאַ!

ל י י ל אַ : ביין! איך וועל צו דיר ניט צוגעהן. איך קען ניט! איך קען ניט!

ה ע ש ע ל : פאַרוואָס ניט?

לײלא: (בעטענדיג) װארף עס אװעק, העשעל. װארף עס אװעק!

העשעל: װאס פלוצלינג אװעקװארפען? דאס טאר מען ניט. בײ אונז איז דאס — —

לײלא: בײ אײך! בײ אײך! װאס האב איך צו טהון מיט אײך? איך בין ניט פראדעל. איך בין ניט פון אײערע. צו דיר בין איך געקומען — ניט צו אײערע. װארף עס אװעק! (רוקט זיך אב װײטער).

העשעל: (א דערשראקענער) לײלא! געה ניט אװעק. לײלא!

לײלא: (פון די שאטענס) װארף עס אװעק!

העשעל: װאו ביזטו, לײלא? איך — (שטופט א װארף דאס תהלים'ל צו דער ערד און לאזט זיך געהן נאך איהר).

לײלא: (בלײבט שטעהן און דרעהט זיך אום צו איהם; זי אטהעמט שװער אבער אין איהרע אויגען לײכט א טריאומפירענדער שמײכעל; זי געהט מיט העשלען צו דער באנק הינטער דעם בוים; קורצע פויזע).

העשעל: לײלא, װי אזוי האסטו געװאוסט — — איך מײן — — ס'איז דאך שוין שפעט — —

לײלא: װאס איז העשעל? דו װילסט װיסען װאס איך טהו דא אין מיטען נאכט? הא?

העשעל: נו — יא.

לײלא: אזוי זיך. (שװײגט א מינוט) איך בין דא װײל דו װילסט מיך דא.

העשעל: (דערשראקען) װער האט דיר דאס געזאגט? איך האב קײנעם ניט דערצעהלט —

לײלא: נײן. דו האסט קײנעם ניט דערצעהלט און דו האסט קײנעם ניט געשיקט נאך מיר. נור איך בין געקומען װײל דו האסט אזוי געװאלט.

העשעל: װײל איך האב אזוי געװאלט? איך האב

ניט — — — ווי אזוי ווייסטו וואס איך וויל?

ל י י ל א : העשעל, פארוואס ווילסטו דיך פארשרייען מיט דיינע אייגענע רייד? בין איך דען דיין מאמע? אדער פראדעל? איך בין ליילא און פאר ליילא'ן דארפסטו דיך ניט באהאלטען מיט דיינע נארישע ווערטער. האב איך דען ניט געזעהן גיין אויף־און־אב איבער דער שטוב? א האלבע נאכט האסטו אזוי ארומ־געשפאנט און ביי יעדען שפאן האבען דיינע ליפען מיך גערופען.

ה ע ש ע ל : איך האב דיין נאמען ניט דערמאהנט. איך האב — —

ל י י ל א : אודאי האסטו איהם ניט דערמאהנט. נאך וואס? אבער מיין נאמען האט געזונגען אין דיין הארץ. אפשר האסטו חרטה, העשעל? ווילסט אפשר צוריקגעהן צו פראדלען?

ה ע ש ע ל : (טהוט זי ווילד א כאפ ביי דער האנד און ציהט זי ארונטער צו זיך) דערמאהן ניט, ליילא! (זיי זיצען שטיל האנד־אין־האנד. פלוצלינג טהוט דאס ציגיינער־פייערל א טאנץ אין דער הויך, באלויכטענדיג די געשטאלטען פון די ציגיינער וואס לאדען זייערע בייד־לאך).

ל י י ל א : האסטו געזעהן, העשעל?

ה ע ש ע ל : איך האב געזעהן. זיי גרייטען זיך אין וועג אריין.

ל י י ל א : (שטיל) מיינע פאהרען אוועק.

ה ע ש ע ל : און וואוהין פאהרען זיי?

ל י י ל א : מיר פאהרען נאך דער ווארימער נאכט. מיר האבען ניט אזוינע מאסאווע הייזער ווי אייערע האבען. אונזע־רע פאלאצען קייקלען זיך אויף פיער רעדער. מיר פאהרען, פאה־רען, פאהרען.

ה ע ש ע ל : (ווי פאר זיך) פאהרען, פאהרען, פאהרען: וועלדער און פעלדער און דערפער און שטעדט און מענשען — —

ל י י ל א : — און הויכע בערג, איינגעוויקעלט נור־טאג אין ראזעווע קאפ־טיכלאך, און וואסערען וואס קייקלען זיך ארונ־

טער פון צוהרג׳עטע סקאַלעס און טאַנצען און שפּרינגען ווי משוגע־נע קראַליקעס. (דאָס ציגייגער־פייערל טהוט ווידער אַ טאַנץ אין דער הויך) העשעל, דו ווייסט, ווען דער האָהן וועט קרעהען וועלען מיר זיין אויף דעם ערשטען בארג.

העשעל: דו בלייב נאָך דאָ אביסעל.

ליילא: און דערנאָך?

העשעל: דערנאָך — — דערנאָך וועל איך — — — —

אַה, רעד ניט וועגען דערנאָך, ליילא.

ליילא: גוט אזוי, העשעל, גוט אזוי! דו רעדסט שוין ווי איינער פון אונזערע. ניטאָ קיין דערנאָך. (קורצע פּויזע; עס דערהערט זיך דאָס הירזשען פון אַ פערד) האָסטו געהערט, העשעל?

העשעל: אַ פערד האָט געהירזשעט.

ליילא: דאָס שפּאַנט מען ביי אונז. דאָס פערד האָט דערפיהלט דעם כאַמעט אויפ׳ן האַלז. ער ווייסט אַז אַט־אַט און זיינע פּידקאָוועס וועלען זיך איינבייסען אין דעם האַרטען וועג און די קאַלטע שטיינער וועלען שפּייען מיט פייער ווען ער וועט זיי אַ קיצעל טהון. טראַפּ־טראַפּ! טראַפּ־טראַפּ! און ווייטער גע־גאַנגען. און אַנטקעגען לויפט די שאַרפע לופט און קיצעלט די ברייטע נאַז־לעכער — אַה־אַה־אַה! דאָס איז פריש־געקאָסעט היי. און אַה־אַה־אַה! דאָס איז אַ קאַנישיניע פעלד מיט אַ סך בלוּיליכע קוויטען — און ווייטער געגאַנגען! דו ווייסט, איך טרייב אַז די שאַרפסטע פאַר פערדלאַך וואָס מיר האָבען. צוויי קאָרעס — אַ ער און אַ זי;ביידע — פייער. דו קענסט אָנטרייבען אַ שפּאַז פערד, העשעל?

העשעל: (שווייגט; זיין בליק הענגט אַן אָנגעשטאַרענגטער אויף ליילאָ׳ס פּנים).

ליילא: (שטיל) פאַרוואָס רעדסטו ניט, העשעל? וואָס ווילסטו?

העשעל: ס׳איז פינסטער. איך וויל זיך גוט איינקוקען

אין דיין פּנים, איידער דו געהסט.

ל י י ל אַ : (לאַכט שטיל) פּאַרוואָס זוכסטו מיין פּנים בלויז מיט דיינע אויגען? פּאַרוואָס ניט מיט דיינע שפּיץ פינגער? (פּויזע) אָדער — מיט דיינע ליפּען? (זי נעהמט איהם אָרום און ער טוליעט זיך צו צו איהר שווייגענדיג) און איצט וועסטו מעהר ניט פאַרגעסען מיין פּנים, העשעל?

ה ע ש ע ל : ניין, לײלאַ.

ל י י ל אַ : דו ווייסט, העשעל, מיר פאָהרען איצט אריבער אויף דער אַנדערער זייט פון די בערג. מיר וועלען אַזוי לאַנג פאָהרען ביז מיר וועלען אַנקומען צו׳ן אַ גרויסער אַזיערע אָרום וועלכער עס וואַקסען גאָלדענע עפּעל. ווען ביי אייך וועט ליעגען אַ טיעפער שנעע אויף די דעכער און די בוימער וועלען האָבען דאָרט, שוואַרצע פינגער, וועלען דאָרט די גאָלדענע עפּעל בלישצען אין דער זון. און ביינאַכט, ווען די לבנה וועט שפּאַצירען איבער דער אַזיערע, וועל איך זיך דאָרט באָדען. דו קענסט שווימען, העשעל?

ה ע ש ע ל : (ווי באַטויבט פון דעם ערשטישען בילד רייסט זי ווילד צו זיך און ברומט אַ הייזעריגער) לײלאַ! לײלאַ!

ל י י ל אַ : (באַפרייט זיך פון איהם) וואָס איז דיר, העשעל? וואָס ווילסטו?

ה ע ש ע ל : געה נאָך ניט! געה נאָך ניט!

ל י י ל אַ : איך געה ניט. אָבער — באַלד פאָהרען מיינע אַוועק פון דאַנען.

ה ע ש ע ל : און איך? וואו זאָל איך זיך אַהינטהון? צו זיי אין הויז אַריין געה איך ניט. איך קען ניט. איך וויל זיי אויף די אויגען ניט זעהן.

ל י י ל אַ : (לאַכט שטיל; בויגט זיך צו צו איהם) העשעל, אפשר ווילסטו זעהן די אַזיערע מיט די גאָלדענע עפּעל?

ה ע ש ע ל : (קוקט אויף איהר ווילד און קען ניט אַרויסרעדען אַ וואָרט).

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : (ברומט פון דערוויי־טענס) ליילאַ! ליי—לאַ!

ל י י ל א : דו הערסט, העשעל? איך גײה. (לאָזט זיך גײען צו די ביידלאַך).

ה ע ש ע ל : (שטעהט שטיל אַ מינוט; דאַן טהוט ער זיך אַ לאָז נאָך איהר) ליילאַ!

ל י י ל א : (שטרעקט איהם אויס איהר האַנד) קום, העשעל. (לאַכט שטיל) מיר וועלען זיך באָדען זאַלבע־צוויי אין דער אַזיערע מיט די גאָלדענע עפּעל. (פאַרשווינדען אין הינטערגרונד. דאָס פייערל טהוט אַ טאַנץ אין דער הויך; מ׳זעהט די ציגיינער פאַרשווינדען מיט זייערע ביידלאַך אין די שאָטענס).

פ ר א ד ע ל : (אין ווייסע שלאָף־קליידער, מיט אַ ברענענדיגען קאַניצעל אין דער האַנד, עפענט דאָס פענסטער ביים גאַניק און רופט שטיל) העשעל! העשעל! (פאַרשווינדט און קומט באַלד אַרויס אויף דעם גאַניק; זוכט איהם מיט איהרע בליקען עטליכע סעקונדען און איהר קול קלינגט פול מיט מורא און האַרץ־ווייהטאָג) העשעל! העשעל!

(פאָרהאַנג)

## פערטער אקט

# דער צדיק פארחתמ'עט די ליולקע און העשעל פאהרט

(די גרויסע שטוב ביי ר' אביש גראלניק אין הויז).
(נאך האלבע נאכט).

פ ר א ד ע ל : (א שאל אריבערגעווארפען איבער איהרע ווייסע נאכט־קליידער, זיצט אין א ווינקעל, א דערשלאגענע. אויפ'ן טיש ברענט נאך דאס קאניצעל. — פון דרויסען הערט זיך דער קלויסטער־גלאק שלא־גען איינס).

ד י ד ר י י י ו ש ב י ם : (שטעהן ביים פענסטער, דערשרא־קענע. זיי רעדען אלע צוזאמען) — און איך זאג מ'דארף עפעס טהון. זעה נור ווי דאס ווייבעל קוקט אויס. פינסטער ווי די ערד. א חדוש טאקי? אודאי דארף מען עפעס טהון. נור וואס טהוט מען? טאקי, א שטיינער, וואס טהוט מען? ס'צוברעכט דאס הארץ אויף איהר קוקענדיג. נו, זוכט מען דאך. נור וואס קענען מיר טהון?

ר' ע ו ז ר : (קומט אריין דורך דער גלעזערנער טהיר א פאר־סאפעטער; צו די יושבים) וואס שטעהט איהר דארט, וואס? טהוט עפעס!

ד י ד ר י י י ו ש ב י ם : (צוזאמען) אט דאס האב איך דאך געזאגט! מ'דארף עפעס טהון. אודאי, אודאי.

ר' ע ו ז ר : (לויפט צו צו דער טהיר לינקס) סענדער! וואו איז מישעל? וואס דויערט אייך אזוי לאנג?

ס ע נ ד ע ר : (קומט אריין) רבי מישעל קריכט שוין אריין אין דער קאפאטע. ער קומט די מינוט.

ר' ע ו ז ר : און איך קען מיר דא קיין עצה ניט געבען. איי איז דאס א פעפער! דאס גאנצע הויז געהט אויף רעדער און ער שלאפט. (געריוצט) טאמיר וועט דער שופר־של־משיח בלאזען בייגאכט, וועט מישעל סופר אודאי פארשלאפען.

ר' מ י ש ע ל : (קומט אריין א האלב־פארשלאפענער, רייבט זיך די אויגען) איך פארשטעה ניט, עוזר, וואס דא איז — — — סענדער זאגט מיר אז דער יונגערמאן איז פלוצלינג נעלם געווא־רען. נעלם געווארען? אין מיטען נאכט? אנטלאפען?

ר' ע ו ז ר : ווער ווייסט וואס ס'איז געשעהן? מ'ווייסט אז ער איז ניטא.

ר' מ י ש ע ל : נו?

ר' ע ו ז ר : נו, נו. ס'טומעלט זיך. מ'זוכט.

ר' מ י ש ע ל : ווער זוכט?

ר' ע ו ז ר : ווער ניט? יעדער זוכט — דער טאטע, די מאמע, דער אלטער משרת ווי ער הייסט דארט. בקצור מ'זוכט. און איצט אז דו ווייסט שוין, קום־זיי־מוחל, ווייל מיר האבען אן אייגען זוכעניש.

ר' מ י ש ע ל : ווארט א מינוט, עוזר. דו האסט ניט געכאפט מיין כונה. איך וויל וויסען צו ער־זאל־לעבען — — — (דערענדיגט מיט א זשעסט פון האנד) הא? (פאלט אריין אין עקסטאז) איי, געוואלד, עוזר! הפנים דאס אלץ האט ער דאך פריהער גע־זעהן. אט דאס איז געווען די כונה פון דער נסיעה אזוי בחפזון. נו, וואס זאגט ער?

ר' ע ו ז ר : דערווייל זאגט ער גארניט ווייל — ווייל ער איז ניטא.

ר' מ י ש ע ל : וואס הייסט?

ר' ע ו ז ר : אט דאס הייסט. א נייעס ביי דיר? דו ווייסט

דאַך אַז אַלעמאָל כאַפּט ער זיך אַוועק כדי צו האָבען התבודדות. בקצור — אַזוי ווי מ'מוז איהם דאָ האָבען, האָב איך געשיקט דוב־בער'ן מיט חיים'ן איהם זוכען אויפ'ן וואַגען. נור אַזוי ווי ס'איז מעגליך אַז ער איז דוקא אַוועק אין דער אַנדערער זייט, דאָס הייסט אין וואַלד אַריין לשם התבודדות, וועלען מיר זיך אַ לאָז טהון איהם זוכען דאָרט. נו, קומט.

ר' מ י ש ע ל : דו הערסט, עוזר? די מעשה געפעלט מיר ניט.

ר' ע ו ז ר : (געררייצט) נו, ס'געפעלט מיר אויך ניט. אָבער העלפט אויף צו היקען. קום שוין.

ס ע נ ד ע ר : (טהוט אַ קוק אין פענסטער) אָט קומען זיי.

א ל ע : ווער איז? האָ? ווער קומט?

(דורך דער גלעזערנער טהיר קומען אַריין ר' אביש, מינצי און הערש־געצעל מיט אַ ברענענדיגען לאַמטערן).

פ ר א ד ע ל : (לויפט צו צו מינצי'ן און צוכליפּעט זיך שטי־לערהייט).

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : פע, העשעל, פע! זעה ווי זי וויינט נעבאַך. ניט שעהן, העשעל.

ר' מ י ש ע ל : רבי אביש, מיר אַלע האָבען גרויסע יסורים. מ'דאַרף דאָך אייך ניט זאָגען. נור אַ איד מוז האָבען בטחון און ס'וועט מסתם —

ר' ע ו ז ר : יאָ, יאָ. נור דער עיקר איז — וואָס הערט זיך?

ר' א ב י ש : (ברעכט די הענד) ס'הערט זיך ניט. ניטאָ! דער עלוי מיינער איז ניטאָ.

מ י נ צ י : (אַ הייזעריגע) אויף אַלע שונאי־ציון! וואָס הייסט ער איז ניטאָ?

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל : אודאי איז ער דאָ — ביז הונדערט־און־צוואַנציג יאָהר. נור דאָ, הייסט עס, איז ער ניטאָ.

ר׳ עוזר: וואס׳זשע? איהר רעכענט טאקי אז ער איז אנטלאפען?

ר׳ אביש: ווייס איך? פון וואנען זאל איך וויסען? די ציגיינער, זעה איך, האבען עוקר געווען פון דאנען. און היינט ביינאכט האט ער זיך אנגעכאפט אז ער וויל פאהרען מיט דעם אלטען ציגיינער כדי —

הערש־געצעל: איז אחת־לאחת, האט ער זיך אויפ־געזעצט אויף דער קעלניע און — פראדעל וויינט נעבאך.

ר׳ אביש: יא, איז אחת לאחת — איי, העשעל, הע־שעל, פארוואס קומט מיר די בושה?

מינצי: (בייז) וואס האסטו דיך צופרימכעט, גבור־חיל מיינער? אויב העשעל איז אנטלאפען מיט די ציגיינער, דארף מען נאכלויפען. שטעהט און פרימכעט! נא, נעהם דיר פראדלען און ווייגט אייך אוים די הערצער. הערש־געצעל, שפאן די פערד. אויב דער בעל־הבית דיינער וויל ניט פאהרען וועל איך פאהרען.

ר׳ אביש: פאהרען? וואוהין פאהרען? געה לויף נאך א כאפטע ציגיינער אין מיטען נאכט. לויף, פליה — סתם אין דער וועלט אריין.

מינצי: (אין גרויס כעס) אביש! גאט האט דיך געוואלט שטראפען, האט ער דיר געגעבען א געראטען קינד. אזוינע קינדער דארפען האבען אן אנדערען מין טאטע — ניט קיין אנגעבלאזענע לעמעשקע. הערש־געצעל, געה שפאן!

הערש־געצעל: נו, אז מ׳הייסט שפאנען, שפאנט מען. (לאזט זיך געהן) פע, העשעל, פע! (אב).

ר׳ מישעל: הערט רבי אביש. איך וויל אייך עפעס בעטען. איידער איהר טהוט עפעס — —

ר׳ אביש: נו?

ר׳ עוזר: לאזט מיך אייך געבען צו פארשטעהן. איידער — — דאס הייסט — — ער וויל זאגען, אז איהר זאלט אביסעלווארטען.

מינצי: ווארטען אויף וואס?

ר' עוזר: איך ווייס? (צו ר' אביש'ן) בקצור, ר' אביש. איהר וועט גלייכער טהון ווען איהר וועט אביסעלע ווארטען. מיר האבען געשיקט זוכען — — און מסתם וועט ער אנקומען — — הכלל, ווארט א פאר מינוט.

מינצי: וואס איז מיט די אידען? מיר זיינען אין א צרה און זיי שטעהן דארט און קוועטשען זיך. געה ווארט אויף דעם נעכטיגען טאג! וואס פאר א שטראף איז דא אויסגעגאנגען אויף אונזערע קעפ היינט ביינאכט?

(עמיצער קלאפט אין טהיר, רעכטס; אלע דערשרעקען זיך).

מינצי: (עפענט די טהיר; יאיר און דאמיניע קומען אריין).

יאיר: (אהן אטעם) וואו איז ער?

ר' אביש: וואו איז ווער? וועמען זוכט איהר? (דער קענט איהם) אה! דאס זענט איהר! ערשט אייער־נעכטען אוועק־געפאהרען און שוין ווידער דא.

יאיר: ס'איז דא א מעשה דאביי, רבי אביש. נור דאס וועלען מיר אבלעגען אויף א פרעהליכערער צייט. נו, מישעל, עוזר! ענטפערט ווען מ'פרעגט אייך. וואו איז ער?

ר' עוזר: ס'הייסט ער איז אנטלאפען מיט די ציגיינער.

יאיר: עוזר! ביזטו חסר־דעה צו וואס? איך פרעג דיך וואו איז —

ר' עוזר: — העשעל?

יאיר: דארף איך דיך ניט פרעגען. בעיני ראיתי. אליין געזעהן. און טאקי פארדעם בין איך עם אזוי געלאפען אין איין אטעם כדי —

מינצי: איהר האט איהם געזעהן מיט זיי?

יאיר: פונקט ווען זיי זיינען פארבייגעפלויגען אונזער וואגען האט די לבנה א שיין געטהון. איך טהו א קוק: מיין העשעל זיצט אויף דער קעלניע און טרייבט אן א פאר קארעם — אש להבה: און לעבען איהם זיצט א — — א — — נור וואס ברייע

איך דאָ? ער וועט דאך איינלעגען וועלטען! וואו איז ער?

ר' מ י ש ע ל: מיר האָבען גערעכענט אז ער איז מיט אייך אויפ'ן וואָגען. דאָ איז ער ניטאָ.

ד אָ מ י נ י ע: ניט אויף מיין וואָגען. א גאַנצע נאַכט ניט געוועזן דער ראָבין אויף מיין וואָגען. ניטאָ.

ר' ע ו ז ר: אויב אַזוי האָט ער זיך מסתם אַוועקגעלאָזט אין וואַלד אַריין — —

(דורך דער טהיר פליהען אַריין דוב־בער און חיים).

ר' ד ו ב ־ ב ע ר: אויפ'ן וואָגען איז קיינער ניטאָ —

ח י י ם ג ב א י: — ניט דער רבי, ניט יאיר, ניט דאָ־מיניע.

ר' ע ו ז ר: שריי ניט! יאיר און דאָמיניע זיינען דאָ. נור דער רבי —

ד י מ ק ו ר ב י ם: (צוזאַמען) וואו איז פאַרט דער רבי? האָ?

ר' א ב י ש: וואָס איז דאָ געשעהן? וואָס פאַר א רבי? וואָס ליאַרעמט איהר?

ד י מ ק ו ר ב י ם: (צוזאַמען) וואָס הייסט וואָס מיר ליאַרמען? געוואַלד! וואו איז דער רבי?

ר' ע ו ז ר: ששששאַ! הערט אויס וואָס מ'רעדט צו אייך. מ'דאַרף זיך אַוועקלאָזען אין וואַלד אַריין און אַזוי לאַנג שרייען ביז ער וועט זיך אָנרופען.

ה ע ר ש ־ ג ע צ ע ל: (פון דרויסען) שמע ישראל! גע־וואַלד, אידען! בעל־הבית! געוואַלד!

א ל ע: אוי־וועה איז מיר! איהר הערט!

ר' א ב י ש: וואָס איז, הערש־געצעל? די ציגיינער האָ־בען ארויסגעגנב'עט די פערד? (אָב).

ר' ד ו ב ־ ב ע ר: ווער ווייסט וואָס דאָרט איז? אפשר א סכנה. נו, קומט — חיים, סענדער, דאָמיניע. נו, גיך! (אַלע פיער אָב).

ר' מישעל: עוזר, וואו איז פארט דער רבי? אזא מין בהלה און דוקא איז ער ניטא.

ר' עוזר: און צוריקגערעדט — וואס שרעקסטו דיך? ער איז דאך עפעס ע ר! ער וועט שוין מסתם —

(פון דרויסען הערט זיך א טומעל וואס וואקסט פון מינוט צו מינוט; באלד קומען אריין דורך דער גלעזערנער טהיר ר' דוב־בער און תיים; האלב־טראגענדיג, האלב־פיהרענדיג ברענגען זיי אריין דעם צדיק. ער איז נאך ניט אין גאנצען באפרייט פון די שטריק מיט וועל־בע די ציגיינער האבען איהם געבונדען; זיינע קליידער זיינען אויס־געשמירט, באָרד־און־פאות צושויבערט. נאך זיי קומען אריין ר' אביש, תערש־געצעל, סענדער און דאמיניע).

ר' מישעל, ר' עוזר און יאיר: (פאלען צו צו איהם) אוי וועה איז מיר! וואס איז געשעהן? רבי!

דער צדיק: (שוואך) בולמיע'ס ארבייט, קינדער. יא, ער האט מיך בייגעקומען. איך פארשטעה ניט ווי אזוי; מסתם איז עפעס ניט גלאטיג. זאגט מיר, וואו איז העשעל?

אלע: (קוקען זיך איבער און שווייגען).

דער צדיק: וואס ענטפערט איהר ניט? וואו איז העשעל, פרעג איך. ניט אנטלאפען מיט זיי? הא? (קורצע פויזע) איך זעה שוין אין אייערע פנימ'ער. יא אנטלאפען. און איך — איך קען צו מיר ניט קומען.

ר' אביש: זייט מוחל, רבי איד. איך הער זיי רופען אייך רבי. געקומען זענט איהר מעשה בעל־עגלה. ועל כולם געהט אייך אין לעבען וואס העשעל איז אנטלאפען. וואס איז דאס? ווער זענט איהר? וואס ווילט איהר? ווער זיינען די דא מיט אייך? (שטעהט א צוטומעלטער).

יאיר: רבי אביש! זענט איהר א בלינדער צו א חסר־דעה? ער האט דאך געזעהען פריהער וואס ס'קומט אויף אייך און איז געלאפען אייך מציל זיין פון א צרה; ער — דער צדיק הדור!

דער צדיק: (מיט אנשטרענגונג) ניט אמת, יאיר, איך בין געקומען מציל זיין ניט איהם נור מיך; ניט זיין העשעל, נור מיין העשעל. נו — אומזיסט געווען מיין טרחה. בולמיע האט נע־וואונען. פלוצלינג אויסגעגאנגען די כוחות. מ'ענטפערט ניט.

ר' דוב־בער: דער רבי איז נעבאך אבגעמוטשעט. א קליינינקייט! צו ליגען ווער־ווייס־ווי־לאנג מיט א זאק איבער'ן קאפ און געבונדען הענד־און־פיס! זאל דער רבי נור א ביסעלע אבכאפען דעם אטעם — — —

דער צדיק: ניין! ניט דער זאק און ניט די שטריק! ס'איז עפעס אנדערש. ווען איך בין געלעגען אין שטאל א געבונ־דענער, האב איך געוואלט צונויפנעהמען די געדאנקען; געוואלט — — בקצור, מ'האט ניט געענטפערט. ניט נעגאנגען. און העשעל פאהרט מיט זיי!

דאמיניע: (וואס האט צוזאמען מיט חיים גבאי געהאלטען אין אבריינגען דעם צדיק'ס קליידער) חיים, אט זעה נור וואס די גאלגאנעס האבען אריינגעשטעקט דעם הייליגען ראבי'ן פונקט אין קרייקא! (שלעפט ארויס א הילצערנעם צלם) א שווארץ יאהר אויף זיי!

דער צדיק: (הויבט זיך שנעל אויף) אזוי נאר? (ער פארטראכט טיעף אזוי ווי א שווערע משא זאל האבען ארונטערגעפאלען פון זיינע פלייצעס) בולמיע, א כלב ביזטו, נור א קלוגער כלב. (ווארפט ארונטער דעם סערדעק) אנו, חיים, מיינע מלבושים.

חיים גבאי: (ברענגט די מלבושים און העלפט דעם צדיק זיי אנטהון).

ר' מישעל: עוזר, דו פארשטעהסט אן איינפאל? אריינגעשטעקט דעם רבי א צלם אין גארטעל — און נעה טהו עפעס.

ר' עוזר: ווארים דער צלם, כידוע, האט דאך איהם מקרב געווען צו דער סטרא־אחרא און אזוי האט ער איהם אויף אן אמת געבונדען הענד־און־פיס. מניה־ביה האט ער געכאפט

העשלען און איז אנטלאפען.

די דריי יושבים: (צוזאמען) אווא! אווא!

דאמיניע: איך וועל דאס באהאלטען, הייליגער ראבין. דאס איז דאך מיינס.

דער צדיק: באהאלט, באהאלט, דאמיניע. דו דארפסט דאך א שליסעל אין דיין גן־עדן אריין. נו, האסטו. חיים, א ביסעל וואסער צו די הענד. (חיים ברענגט וואסער און א האנטוך) נו, א דאנק דיר, רבונא דעלמא כולא! איי־איי־איי! איך בין, לא עליכם, שיער ניט דערשטיקט געווארען. נו — איצט בין איך ווידער בעל־הבית.

ר' מישעל: איך בעט אייך, רבי, ווי אזוי האט ער עס אייך דערטאפט — — —

דער צדיק: מישעל־לעבען, דעם ספור־המעשה וועלען מיר אבלעגען אויף שלוש־סעודות. איצט צו דער עבודה! און בעטען וויל איך אייך, אז איהר זאלט ניט פרעגען קיין קשיות, ווייל איך האב ניט קיין צייט צו געבען תירוצים. נו, בעל־הבית, זייט'זשע מוחל און קומט נעהענטער.

ר' אביש: (אין גאנצען א צוטומעלטער) וואס ווילט איהר פון מיר?

דער צדיק: ראשית־כל וויל איך איהר זאלט מיר מוחל זיין פאר דעם וואס איך האב אייך אבגענארט. רמאות איז רמאות. אפילו ווען די כונה איז לשם־שמים. נור אזוי ווי מען האט מיר געזאגט אז איהר זענט א פייערדיגער מתנגד, האב איך זיך געמוזט אנטהון בעל־עגלה'שע קליידער כדי איהר זאלט מיך אריינלאזען צו אייך אין שטוב אריין. באין־ברירה מוז מען שווערצען די גרענעץ. און איצט בעט איך אייך אז איהר זאלט מיר מוחל זיין.

ר' אביש: מילא. בין איך מוחל. ביי קארלינטשיקעס איז מען מסתם ניט מקפיד אויף אזוינע קלייניגקייטען. נור וואס איך פארשטעה אלץ ניט איז — וואס זוכט איהר דא? וואס פאר א שייכות האט איהר מיט מיין העשעל? וואס איז דא?

די מקורבים: געהערט דבורים? אווא! אווא!

דער צדיק: שטיל זאָל זיין! רבי אביש איז אַ מתנגד. נו, רעדט ער ווי ס'פּאַסט פאַר אַ מתנגד. (צו ר' אַביש'ן) איהר הערט בעסער וואָס איך רעד צו אייך. איהר זענט אין אַ צרה און איהר דאַרפט רחמים. וואָס פאַר אַ מחותן איך בין דאָ, קען איך אייך איצט ניט זאָגען. און אויב איך וועל אייך יאָ זאָגען, וועט איהר ניט פאַרשטעהן. נור וואָס דען? מיר דאַכט זיך אַז איך קען עפּעס טהון.

ר' אביש: אַ שטייגער וואָס?

מינצי: מעהר פון דיר, אַביש. דו טהוסט דאָך גאָרנים. קום, פראַדעלע. מיר ביידע וועלען בעטען דעם הייליגען צדיק אַז ער זאָל פאַר אונז פּועל'ן אַ ישועה. קום; איך און דו, פראַדעלע. (זי נעהמט אָן פראַדלען ביי דער האַנד און ביידע הויבען אָן שטיל וויינען).

ר' אביש: (בייז) וואָס וויינט איהר, וואָס? (אַ צו־טומעלטער) ווען איך זאָל שוין וויסען אַז איך וועל עפּעס פּועל'ן! ס'איז מיר שווער — — אַ גאַנץ לעבען אָבגערעדט די תוכחה — — אַ גאַנץ לעבען זיך געהאַלטען שטאָל און אייזען — — —

דער צדיק: רבי אַביש, איהר זענט במחילה אַ טפש. אייך דאַכט זיך, אַז אַזוי ווי איהר זענט אַ שולחן־ערוך־איד און איך אַ תקונים־איד, מוזען מיר זיך איינער דעם אַנדערען דוקא אויסרייסען באָרד־און־פּאות. הויבט זיך גאָרניט אָן! קלעהרט אַריין אין דעם ענין אַ ביסעל טיעפער, וועט איהר זיך כאַפּען אַז דער שולחן־ערוך מיט'ן תקונים זיינען געוועזן נאָהענטע מחותנים.

ר' אביש: אָבער אַ גאַנץ לעבען געשפּיגען מיט גאַל און — —

דער צדיק: נו? אַ הרהור־תשובה אויף איין מינוט און איהר זענט מיינער; איהר וועט אַלץ מתקן זיין, אַלץ. (געהט צו און נעהמט איהם אַרום) רבי אַביש, זייט מיך מקרב אין האַרצען.

ר' אביש: (שווייגט אַ מינוט) רבי. (מיט טרעהרען אין

קול) הייליגער צדיק, שיקט מיר א ישועה.

דער צדיק: (מיט גרויס פרייד) איי, וואויל ווי די וועלט! ווארים, פארשטעהט איהר מיך, ווי אזוי האב איך גע־קענט העלפען, ווען מ'האט מיך ניט געבעטען העלפען? נו, איצט, אז דער טאטע בעט, די מאמע בעט און דאס ווייבעל בעט, וועט שוין מיט'ן אויבערשטענס הילף קומען א ישועה. איהר מוזט וויסען, רבי אביש, אז בלויז דער וואס וויל געהאלפען ווערען — און וויל מיט'ן גאנצען הארץ — דער קען געהאלפען ווערען. פריי־הער האט דער צדיק קיין שליטה ניט. נו, דערלאנג מיר דעם תקונים, חיים, און היים דער בעל־הבית'טע מאכען ליכטיג.

מינצי: (צינדט אן ליכט אין צוויי מעשענע לייכטער; שטעלט זיי אוועק אויפ'ן טיש).

חיים גבאי: אט איז דער תקונים, רבי. (גיט איהם דאס ספר).

דער צדיק: (פארטיעפט זיך א פאר מינוט אין ספר; הויבט זיך אויף און הויבט אן געהן אויף־און־אב איבער דער שטוב; די איבעריגע רוקען זיך לאנגזאם אב אן א זייט און א געשפאנטע שטיל־קייט הערשט אין שטוב; פלוצלינג שטעלט זיך דער צדיק אב און טהוט א מאך מיט דער האנד צו ר' אביש'ן אז ער זאל צו איהם צוגעהן).

ר' אביש: (שטעהט א צוטומעלטער און ווייסט ניט וואס צו טהון. יאיר און ר' עוזר טהון איהם א כאפ ביי די ארעמס און פיהרען איהם צו צום צדיק).

דער צדיק: הערט נור, העשעלס טאטע. ווילט איהר איבערגעבען אייער קינד אין גאנצען אין מיין רשות? איך וויל ער זאל ווערען מיין העשעל.

ר' אביש: וואס הייסט? ער זאל ווערען אייערער? איך פארשטעה ניט.

דער צדיק: איך ווייס אז איהר פארשטעהט ניט. נו, וואס קען איך טהון? און אז איך וועל אייך זאגען אז איך האב זיך געסטראיעט און געסטראיעט און איהם ניט געקענט דערגרייכען,

וועט איהר דען יא פארשטעהן? העשעל העלפט מיר ניט. הפנים — ער וויל ניט אז איך זאל איהם דערגרייכען. נו, וואס זאגט איהר, רבי אביש?

ר׳ אביש: אבער, רבי, ער איז דאך ביי מיר אן איינ־ציגער. און ווי אזוי קען מען — — ?

דער צדיק: ווי אזוי? פשוט. איהר וועט מיט מיר מאכען א תקיעת־כף אז איהר גיט איבער העשלען אין מיינע הענד. ווארים ס׳איז נויטיג אז בשעת איך הויב זיך אן פארען זאל דאס זיין בבחינת אדם העושה בתוך שלו. אויב ס׳איז נור מיין העשעל, וועט מען שוין ניט מעיז זיין. נו?

ר׳ אביש: הייסט עס, וועט ער שוין תמיד זיין אין אייער רשות. נו און איך?

דער צדיק: איך בעט אייך, רבי אביש, הערט אייך אויף דינגען מיט מיר. ווי קענט איהר נאך שטעהן און טענה׳ן בשעת העשעל איז אין אזא סכנת־נפשות? איהר ווייסט ניט, ווי איך זעה, אין וואסערע הענד העשעל איז ארייגגעפאלען. ציגיי־נער! איהר מיינט אודאי אז ער האט זיך סתם אויפגעהויבען און איז אנטלאפען מיט א כאפטע ציגיינער? הא?

ר׳ אביש: וואס דען? ניט קיין ציגיינער? רבונו־של־עולם — — —

דער צדיק: מישעל, זאג איהם נור אויפ׳ן אויער, מיט וועמען מיר האבען צו טהון.

ר׳ מישעל: (רוימט איין ר׳ אביש׳ן עפעס אין אויער אריין).

ר׳ אביש: אוי וועה איז מיר! (הויבט אן ציטערן און ברעכען די הענד).

מינצי און פראדעל: (לויפען צו צו איהם וויי־נענדיג) וואס איז? וואס האט דער איד געזאגט?

דער צדיק: יאיר, הייס די ווייבער זיין שטיל.

יאיר: (באַרוהיגט זיי) נו, נו, נו! פאַרלאָזט אייך אויפ'ן רבי. איהר מעגט אייך פאַרלאָזען. נו, נו, נו!

דער צדיק: נו, העשעלם טאַטע?

ר' אביש: איך בין מסכים, רבי. איך בין מסכים מיט'ן גאַנצען האַרץ.

דער צדיק: עוזר, זיי אַזוי גוט און מאַך דעם תקיעת־כף.

ר' עוזר: (נעהמט אַרוים זיין פאַטשיילע, דערלאַנגט זי ר' אַביש'ן און דאַן דעם צדיק).

דער צדיק: (זעצט זיך אַוועק ביים טיש) נו, איצט וועלען מיר פּראָווען פון מיין העשעל'ס וועגען. (קוקט אַריין אין תקונים אַ פּאָר מינוט, פאַרמאַכט די אויגען און מורמעלט ווי צו זיך אַליין) יאַ! איך וויל מ'זאָל מיר איהם ווייזען! איך וויל זעהן וואו־הין זיי פאַהרען! יאַ, יאַ! (קורצע פויזע; פּלוצלינג טהוט ער אַ שפּרונג צו צום פענסטער, עפענט עס אויף און טהוט אַ געשריי) בולמיע! דאָס בין איך, ליולקע־ציבוך — — — האַ? דו זאָלסט מיר די מינוט צוריקברענגען מיין העשעל! דו הערסט? — — — ניט דיין עסק, בולמיע. ס'איז מיין העשעל, זאָג איך דיר — — — וואָס? דו ווילסט ניט? נו, נו. חיים, דערלאַנג מיר נור דעם ליולקע־ציבוך.

חיים גבאי: (טראָגט צו דעם ליולקע־ציבוך) אָט איז דער ליולקע־ציבוך, רבי.

דער צדיק: בולמיע, איך וואַרען דיך! — — — האַ? דו סטראַשעסט גאָר? איך לאַך פון דיר, דו כלב שבכלבים, דו עוכר ישראל! דו מיינסט אַז איך בין איצט אַליין אין הויף? איך האָב איצט אַ גאַנצע עדה אידען מיט מיר און מיט זייער כח וועל איך מאַכען פון דיר און פון דיין גאַנצער חבריא אַש און בלאָטע — — — האַ? דו הער אויף טענה'ן און ברענג העשלען די מינוט — — — וואָס? בשום אופן ניט? נו, נאַ'זשע דיר! (טהוט אַ פּאַך מיט דער ליולקע־ציבוך אין דער לופט אַזוי ווי ער וויל עמיצען

אַ קלאַפּ טהון איבער'ן קאָפּ; פון דרויסען הערט זיך אַ הייזעריגער ברום, אַזוי ווי עמיצער זאָל שרייען אין גרוים ווייהטאָג).

די מקורבים: (מורמלען איינער צום אַנדערן) געהערט? אודאי געהערט! אַווא!

דער צדיק: נו, בולמיע, אפשר וואָלט זיין גענוג? וואָס האָסטו דיך פאַרעקשנ'ט, וואָס — — אנו, בינד צו דיינע פערד די אויגען, דרעה זיי אוים און פאָהר אַזוי ווי מיר ווייסען — — — ווער זאָגסטו לאָזט ניט? האַ? — — — זי גאַר? — — — — נו, זאָג איהר, אַז אויב זי וועט מיט מיר פאַרטשעפּען, וועל איך זי אריינשטעקען אין אַ קוימען — — — יאַ, אין אַ קוימען פון אַ פּוסטער מויער, אַזוי אַז זי וועט ניט קענען אריין און ניט קענען ארוים — — — נו? — — — וואָס? זי זאָגט אַז העשעל וויל ניט צוריקפאָהרען? זאָל ער מיר דאָס אַליין זאָגען. דו ברענג איהם אַהער און אויב ער וועט זאָגען פאַר עדות אַז ער וויל ניט, אַז דו און דיינע געפּעקען איהם בעסער, וועל איך איהם לאָזען געהן מיט אייך — — — יאַ, אויב העשעל אַליין וועט זאָגען — — —

מינצי און פראַדעל: אַן אומגליק אויף אונזערע קעפּ! (לויפען צו צום צדיק) הייליגער רבי, לאָזט איהם נישט! ברענגט איהם צוריק!

ר' מישעל: (לויפט צו אַ דערשראָקענער) וואָס איז מיט אייך? וואָס שטופּט איהר אייך אין פייער אריין? געהט אַוועק! איהר קענט נאָך, חס וחלילה, ביזוק ווערען. אַוועק פון דאַנען! (ער און דוב־בער שטופּען זיי אָב אָן אַ זייט).

דער צדיק: (ביים פענסטער) גוט, נו, איך וועל איהם לאַנג ניט האַלטען — — — ווי לאַנג? האַ? איך ווייס? נו, אַזוי לאַנג ביז איך וועל אויסרויכערען אַ ליולקע טיטון — — — יאַ. יאַ! איך בין דיר מבטיח אויף מיין וואָרט אַז אויב דו ברענגסט העשלען, וועל איך זיך מיט איהם בלויז דורכריידען און איך וועל איהם ניט האַלטען לענגער ווי עס וועט מיר נעהמען אויסרויכערען אַ ליולקע טיטון — — — יאַ, אויסרויכערען די ליולקע, געהט

ער צוריק צו אייך, אויב ער וו'עט וועלען און איך וועל צו דיר קיין טענות ניט האבען — — — נו, אבגעמאכט? דרעה׳זשע אוים די פערד.

פראדעל: (היסטעריש) שוויגער, ער קומט?

מינצי: שא, פראדעלע, שא!

דער צדיק: שטיל זאל זיין. קיינער זאל ניט וואגען עפענען דאם מויל רעדען צו העשלען. איהר הערט? העשעל איז א חולה מסוכן. ער שווימט איצט אין נהר־דינור, אין טייך פון פייער. למען־השם ולמען־השם! טשעפעט איהם ניט. (זעצט זיך צוריק צום טיש) וואו איז מיין טיטון, חיים?

חיים גבאי: (ברענגט דעם טיטון) אט איז ער, רבי.

דער צדיק: זיי׳זשע מוחל, מישעל. איך האב דיר עפעס צו זאגען. (רוימט איהם איין א סוד אין אויער אריין).

ר׳ מישעל: זייט׳זשע מוחל, רבי אביש. (רוימט איהם איין א סוד אין אויער אריין).

ר׳ אביש: אט וועל איך א זוך טהון. (געהט צו צו אוי־נעם פון די שיפלאדען און ברענגט צוטראגען א רויט שטיק טריעף־וואקס).

(פון הויף דערהערט זיך א מיסטעריעזער טומעל און א הוזשעריי וואס דויערט עטליכע סעקונדען).

דער צדיק: (הערט זיך איין) זיי זיינען דא. (געהט צו צום פענסטער) בולמיע!

דער אלטער ציגיינער: (באווייזט זיך ביים פענסטער) זיינען מיר דא. זאל איך איהם דיר אריינברענגען? איך האב אויף איהם געמוזט אנוואַרפען א שלאף, ווייל וואַכעדיגער־הייט האט ער ניט געוואלט צוריקפאהרען. ער שלאפט.

דער צדיק: דו נעהם איהם נור ארונטער פון וואגען און זעץ איהם אוועק אויף דער באנק; אט דארט אונטער דעם בוים. און דערנאך וועסט דו און דיינע אבטרעטען אן א זייט. איך וועל שוין נאך איהם ארויסשיקען.

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : און דו פאַרוויכער דיין ליולקע און מאַך אַ סוף. מיר וועלען נאָך איהם צוריקקומען. אהאַ! דאָס מאָל פועל'סטו ניט. ער אַליין וויל זיין אונזערער.

ד ע ר  צ ד י ק : אויב ער וויל איז דאָך ניט שייך. דער־וויל געה און טהו וואָס איך הייס דיר.

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : (פאַרשווינדט פון פענס־טער).

ד ע ר  צ ד י ק : (דרעהט זיך אוים) מישעל, דוב־בער, יאיר, עוזר — איהר וועט איהם געפינען אַ שלאָפענדיגען אויף דער באַנק אונטער דעם בוים. נו, געהט. מישעל, אַט האָסטו מיין תקונים. וואָרים פאַרשטעהסטו מיך — בולמיע איז בולמיע; גלייכער זיך ניט צו פאַרלאָזען אויף זיין יושר. (די פיער מקורבים אַב דורך דער גלעזערנער טהיר) נו, געלויבט השם־יתברך. האַלטען מיר אַזוי ווייט. (הויבט לאַנגזאַם אָן אָנצושטאָפען זיין ליולקע מיט טיטון).

ה ע ש ע ל : (געפיהרט פון די פיער מקורבים, קומט אַריין; זיינע אויגען האָבען אַ פאַרגלעזערטען בליק ווי איינער וואָס פאַרשטעהט ניט וואָס ארום איהם טהוט זיך).

מ י נ צ י  און  פ ר א ד ע ל : העשעל! (טהון זיך אַ לאָז צו איהם; מ'האַלט זיי צוריק).

ד ע ר  צ ד י ק : שטיל זאָל זיין! זעץ דיך, העשעל.

ה ע ש ע ל : (זעצט זיך אַוועק מעכאַניש).

ד ע ר  צ ד י ק : העשעל, וואו איז דאָס תהלים'ל?

ה ע ש ע ל : (טהוט אַ ציטער אין גאַנצען קערפער; שווייגט אַ מינוט; דאַן אין אַ געררייצטען טאָן) דאָס תהלים'ל? וועמען געהט דאָס אָן? ווער זענט איהר מיר — — ?

ד ע ר  צ ד י ק : וואָס'זשע? דערקענסט מיך ניט?

ה ע ש ע ל : האַ? שוין נאָכאַמאָל דער בעל־עגלה פון טיסמעניץ? וואָס ווילט איהר פון מיר? פאַרוואָס האָט מען מיך אויפגעריסען פון שלאָף?

דער צדיק: דיר טהוט באנג נאכ׳ן חלום, ניט נאכ׳ן שלאף. געטראפען, העשעל?

העשעל: און אז געטראָפען? איז וואס? לאזט מיך געהן. (הויבט זיך אויף).

דער צדיק: (פעסט און רוהיג) זיץ!

העשעל: ווער זענט איהר דאס מיר צו הייסען — — ?

דער צדיק: זיץ, זיץ, העשעל.

העשעל: (קוקט אויף איהם א מינוט שוויגענדיג; זעצט זיך).

דער צדיק: דו געדענקסט, העשעל, אז דו האסט מיר צוגעזאגט צו פאהרען קיין טיסמעניץ מארגען־אין־דער־פריה?

העשעל: איך וויל ניט פאהרען קיין טיסמעניץ.

דער צדיק: דאכט זיך דו האסט דיך געוואלט דורכרעדען מיט׳ן רבי פון די קארלינטשיקעס?

העשעל: יא, אמאל, לאנג צוריק. איצט האב איך מיט איהם ניט וואס צו רעדען.

דער צדיק: אפשר ווייסט ער טאקי אויף וואס די וועלט שטעהט?

העשעל: איך ווייס שוין אליין. איך וויל ביי איהם ניט פרעגען.

דער צדיק: אזוי גאר? דו ווייסט שוין? אדרבא — לאמיר הערען.

העשעל: (הויבט זיך אויף) דרעהט מיר ניט קיין קאפ און — פארהאלט מיך ניט. מ׳ווארט אויף מיר.

דער צדיק: (געהט צו צו איהם און לעגט ארויף די האנד אויף זיין פלייצע) העשעל, ניט געלאפען. יענע וועלען ווארטען. זיי וועלען ניט קומען ביז איך וועל ניט אויסרויכערען א ליולקע טיטון. און איצט, זאג מיר, מיין קינד, וואס זוכסטו?

העשעל: (קוקט זיך ארום אזוי ווי ער זאל זיין צווישען פרעמדע) וואס זאל איך א י ך זאגען?

דער צדיק: וואס דיין הארץ גלוסט, העשעל. אפשר וועל איך אויך פארשטעהן.

העשעל: (גערייצט) נו — איך וויל אנטרייבען א פאר פייערדיגע קארעס וואס פליהען בארג־ארויף און בארג־אראפ. איך וויל פאהרען, פאהרען.

דער צדיק: נו — פאהרט מען. איך א שטייגער וויים פון א פאר פייערדיגע פערד מיט א פייערדיגען רייט־וואגען וועל־כע פאהרען ניט בארג־אראב, נור בארג־ארויף. און מ'פאהרט!

העשעל: הא?

דער צדיק: יא־יא, העשעל. וואס'זשע? אליהו הנביא'ס געשפאן געפעלט דיר ניט?

העשעל: איך וויים ניט. איך וויל מיין אייגענעם גע־שפאן. לאזט מיך געהן מיין וועג.

דער צדיק: וואוהין א שטייגער פיהרט דיין וועג?

העשעל: איך וועל אייך זאגען און איהר וועט שוין זעהן אז ס'זיינען אומזיסט אייערע רייד. ערגעץ איז דא אן אזיע־רע ארומגערינגעלט מיט גאלדענע עפעל און ביינאכט ווען די לבנה שיינט אויף דעם וואסער — — —

פראדעל: שווינגער! ער איז — — — ארונטער פון זין! וועה איז צו מיר!

דער צדיק: (שרייט) שטיל זאל זיין!

אלע: שא! שא!

העשעל: (פאלט אריין אין א ווילדען כעס) נו, געה זאג זיי! וואס האט איהר זיך אנגעזעצט אויף מיר? וואס קריכט איהר מיר אין די גערנעס? איך וויל דא ניט זיין. איך וויל ניט לערנען קיין שיעור און איך וויל ניט אז מ'זאל מיך שטאפען ווי אן אינ־דיק און איך וויל ניט מ'זאל מיר אייביג וויינען איבער'ן קאפ. אויף יענער זייט בערג זיינען דא מענשען וואס — — וואס לאכען און טרינקען און זינגען און שווימען איין אזיערעס ארומגערינגעלט פון גאלדענע עפעל. (רייסט אויף די גלעזערנע טהיר) ליילא! ליילא!

וואו ביזטו?

ל י י ב א ' ס  ק ו ל : (פון גאַנץ ווייט) איך וואַרט, העשעל!

ד ע ר  צ ד י ק : (פאַרלויפט איהם דעם וועג) קינד מיינס! קינד מיינס! (האַקט צו די טהיר) דוב־בער, חיים. (ביידע לויפען צו און שטעלען זיך פאַר דער טהיר).

(פון דרויסען דערהערט זיך אַ הוזשעריי; די פענסטער הויבען אָן קלינגען און אויף דעם דאַך פאַלט אַ האַגעל פון שטיינער).

ד ע ר  צ ד י ק : (לויפט צו צום פענסטער און שרייט) בולמיע! זאָלסט שוין אויפהערען! (די קלאַפּעריי הערט אויף).

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : (ביים פענסטער) איך האָב דיך בלויז געוואָלט דערמאַהנען אַז די נאַכט שטעהט ניט. זעה נור! דו האָסט דאָך נאָך גאָר ניט פאַרויכערט דיין ליולקע!

ד ע ר  צ ד י ק : וואָס האָסטו אַזוי קיין צייט ניט, בולמיע? אַט וועל איך פאַרויכערן. און דו טרעט אָב און זאָג דיינע אַז זיי זאָלען אויפהערען וואַרפען שטיינער אין דאַך. דו ווייסט דאָך אַז ביי מיר פּועל'ט מען ניט מיט הינטישע שטיק. נו, געה!

ד ע ר  א ל ט ע ר  צ י ג י י נ ע ר : (פאַרשווינדט).

ד ע ר  צ ד י ק : (בויגט זיך אַרויס) ניט אַזוי נאָהענט, בולמיע. ווייטער, ווייטער! פון יענער זייט פּלויט!

ה ע ש ע ל : (צו יאיר'ן) ווער איז דער איד? ער קאָמאַנדעוועט — — וואָס פאַר אַ מין כח — ?

י א י ר : (זאָגט איהם עפּעס אויפ'ן אויער).

ה ע ש ע ל : (לויפט שנעל צו צום צדיק) אַט דאָס זענט איהר?

ד ע ר  צ ד י ק : (שמייכעלט) אַ ברירה האָב איך. אודאי בין איך — איך. אַ איד אַ טרעגער בין איך. וואָס גאָט־ברוך־הוא לעגט ארויף אויף די פּלייצעס, טראָג איך.

ה ע ש ע ל : (פאַרטראַכט) נור מיך האָט ער ניט געקענט טראָגען.

ד ע ר  צ ד י ק : ווייל דו האָסט דיך ניט געלאָזט, העשעל.

ה ע ש ע ל : ניין! ווייל איך וויל אַ סך.

דער צדיק: א סך? דו ביזט נאך צו יונג צו וויסען די טייטש פון א סך. איך וועל דיר געבען א סך מעהר וויפיעל דו וועסט וועלען. דיר דאכט זיך דו ווילסט די גאנצע וועלט? און ווי איז דער דין אז איך האב פון דיינעטוועגען דריי־הונדערט מיט צעהן וועלטען?

העשעל: ניט דריי־הונדערט מיט צעהן וויל איך, נור איינע. און צו דער, ווייסט איהר ניט דעם וועג. ניין! איהר ווייסט ניט! יענע וועלט איז ביי אייך פון דער אנדערער זייט פלויט און אז זי קומט נעהענטער כאפט איהר זיך שלאגען.

דער צדיק: העשעל, דיר האט זיך א חלום געחלומ'ט און ס'איז ניט געווען ווער ס'זאל דיר פותר־חלום זיין. דיר דאכט זיך נור אז פון יענער זייט פלויט איז דא אן אנדערע וועלט און ממילא דאכט זיך דיר אויך אז איך האלט מיט איהר מלחמה. דאס איז אלץ משום מראית העין, כדי דאס אויג, וואס איז חומר, בלוט און פלייש, זאל זעהן. אבער אזוי שנעל ווי דו וועסט אויפהערען זעהן מיט די פראסטע אויגען און וועסט אנהויבען קוקען מיט די אויגען פון דער נשמה, וועסטו באלד א פרעג טהון: וואו איז די מחיצה צווישען דא און דארט, צווישען אונטען און אויבען, צווישען דעם וואס מ'מעג און דעם וואס מ'טאר ניט? דו זעהסט, העשעל?

העשעל: איך קען ניט נאכגעהן. (שטרעקט אויס זיין האנד ווי א הילפלאזער).

דער צדיק: (נעהמט איהם ביי דער האנד) קום און איך וועל דיך פיהרען פאמעלאך. דו זעהסט, העשעל? יעדע מחיצה, יעדער פלויט, יעדער דא און דארט, איז ניט מעהר ווי אויגען־בלענדעניש. אזוי האט מען געמוזט מאכען די וועלט פאר די פראסטאקעס און בלויז זיי האט מען דאס אנגעזאגט: דא יא און דא ניט, דא געה און דא געה ניט. דערווייל, העשעל, איז נאך דיין צייט ניט געקומען און דו ביזט נאך צוגעבונדען צו דער ערד און צו די קינדער פון דער ערד. ווען אבער דיין צייט וועט קומען, וועסטו קענען געהן וואוהין דו וועסט וועלען, ווייל דער וועמעס

כונה ס'איז נור לשם־שמים, פאר דעם איז מעהר ניטא קיין אסור און קיין מותר. ער איז ער און קיינער איז ניט העכער פון איהם.

העשעל: אבער — — אבער ווי אזוי — — דערגרייכט מען אהין?

דער צדיק: דורך עבודה, העשעל. ווייל וויסען זאלסטו אז עבודה איז דער גאנצער מהות און דער גאנצער עצם פון דער יצירה. הדיוטים, פראסטאקעס, שווערע ברואים זיינען מחלל די עבודה און מאכען פון איהר אן עבודה־זרה. שטיין און בליי! שטיין און בליי! אט דאס איז זייער עונש, ווייל שטיין און בליי קענען זיך ניט אויפהויבען פון דער שווארצער ערד. פאר די יחידי־סגולה, אבער, פאר גאטס אויסגעוועהלטע קינדער איז ניטא קיין עבודה־זרה. אלץ איז ביי זיי, און אלץ ווערט ביי זיי, עבודת השם־יתברך. און אלץ הענגט אב פון קוק! דאס אויג מוז ארויפקוקען צו איהם וואס איז דער קוואל פון ליכט און ניט ארונטער וואס דארט איז וימש חושך, וואו די קליפות זיינען זיך מתדבק אין אונזערע מעשים און ס'ווערען פון זיי געבוירען שדים און רוחות און מכשפים מיט בולמיעס אויף די אויגען.

העשעל: (שווער אטהמענדיג) אבער — — אבער פאר־וואס האט מיך — — געצויגען אהין — — אזוי שטארק? — — פארוואס פיהל איך נאך איצט אז — — אז איך וועל — —

דער צדיק: ווייל דו, מיין קינד, ביזט געבוירען גע־ווארען צו זיין אן עובד, א מענש וואס טהוט, וואס דיענט, וואס קען בטבע ניט איינרוהען. נור אזוי ווי עס איז ניט געוועזן ווער ס'זאל דיר ווייזען דעם וועג וואס פיהרט ארויף, צו דער נהורא מעליא, צו דעם טייערן ליכט, ביזטו שיער־שיער ניט אוועק אויף דעם וועג וואס פיהרט ארונטער צו דער סטרא אחרא. און איצט, מיין קינד, אז איך האב דיר מוסר געוועזן דעם סוד און דיר גע־וויזען דעם שורש פון דיין נשמה, איצט קלייב דיר אוים. ר'וב־בער, עפען די טהיר פאר העשלען.

ר' דוב־בער: (עפענט די טהיר; ער און חיים גבאי

טרעטען אָב אָן אַ זייט).

העשעל: (הויבט אָן ציטערן) רבי, רבי! הייסט פאַר־מאַכען די טהיר! דער נסיון איז פאַר מיר צו שווער. לאָזט מיך ניט ווען זיי וועלען קומען נאָך מיר.

דער צדיק: נו, ניט קיין גרויסע סכנה, העשעל. דו זעהסט, היינט ביינאַכט ווען דו האָסט אַוועקגעוואָרפען דיין תהלים׳ל איז די סכנה געווען פיעל גרעסער. וואָרים, פאַרשטעהסטו מיך, אַ ברונים איז אַ סכנה פאַר אַ בלינדען אָבער ניט פאַר קיין זעהענדיגען. נור וואָס דען? דערווייל ליעגט דיר נאָך דאָס שפּינ־וועבס אין די אויגען און דער בייזער חלום פּלאָנטערט זיך נאָך אין דיינע געבליטען. (טרייסעלט איהם) שטעה אויף, העשעל. שטעה אויף און מיר וועלען דיך אריינעהמען אין קאָן אריין. (צו די מקורבים) העלפט מיר צו, קינדער. (הויבט אָן זינגען)

אוי, אַל תירא — מפּחד פּתאום,
ומשואת — רשעים, רשעים — כי תבוא.

(מקורבים העלפען מיט שטיל)

עצו עצה — ותופר,
דברו דבר — ולא יקום.

כי, כי — כי עמנו — עמנו, עמנו, עמנו אל.

(תּאָלזט זיי אַלעמען; צולעצט העשלען וועמען ער האַלט אַרומגענומען אַ פּאָר מינוט שווייגענדיג; העשעלס פּנים ווערט ליכטיג).

(פון דרויסען דערהערט זיך ווידער די הוזשעריי, שטיינער האַגלען אויפ׳ן דאַך און אַלערליי משונה׳דיגע קולות פילען אָן די לופט).

העשעל: (ווערט בלייך) בין איך נאָך אַלץ צוגעבונדען צו זיי? איך הער זיי און איך האָב מורא — — פאַר מיר אַליין. (רוקט זיך אָב פון דער טהיר).

דער צדיק: נו, נו, נו, העשעל. ניטאָ וואָס צו זאָרג־קען זיך. אָט באַלד וועלען מיר פון זיי פּטור ווערען. (געהט צו צום פענסטער) דו, בולמיע! ליאָרעמסט שוין ווידער? וואָס האָסטו

קיין צייט ניט? איך האב נאך ניט אויסגערויכערט מיין ליולקע טיטון.

דער אלטער ציגיינער: (ביים פענסטער) דו האסט נאך גאר ניט פארויכערט. וואס טויג דיר דאס שלעפעניש? שיק איהם ארויס. א ווארט האלט מען אפילו ביי אונזערע. שיק איהם ארויס.

דער צדיק: גערעכט, בולמיע. א ווארט האלט מען. נו, זאג איך דיר טאקי נאכאמאל אז אזוי גיך ווי איך וועל האבען אויסגערויכערט די ליולקע טיטון, שיק איך איהם ארויס. אויב ניט, גיב איך דיר רשות דו זאלסט אריינקומען מיט דיין חבריא און דיר איהם נעהמען מיט געוואלד. צופריעדען, בולמיע?

דער אלטער ציגיינער: צופריעדען. אבער ריהר דיך. מיר וועלען באלד קומען נאך איהם. (פארשווינדט).

דער צדיק: איך וועל דיך באלד אליין רופען. (לויפט שנעל צו צום טיש) מישעל, מאך דיך פארטיג. עוזר, רוק צו דאס ליכט און צושמעלץ דאס טריעף־וואקס. אט אזוי — און איצט לאז עס קאפען אויפ'ן דעקעל פון מיין ליולקע.

ר' עוזר: (טהוט וואס דער צדיק הייסט איהם).

דער צדיק: מישעל סופר, נעהם דיין מעסערל און קריץ אויס מיט'ן שפיץ, אט דא אין דעם וואקס, דעם גרויסען שם פון קודשא־בריך־הוא.

ר' מישעל: (א בלייכער) לשם יחוד קודשא־בריך־הוא — — — —

דער צדיק: (אונגעדולדיג) מאך שוין קיין העויות, מישעל! וואס ציטערסטו, וואס? ער־ברוך־הוא איז א שותף צום עסק; זאל ער זיך חתמ'ענען. קום, איך וועל דיר מקריא זיין, וועט דיר זיין לייכטער אויפ'ן הארץ. (פארמאכט די אויגען און רופט אויס) שרייב יו"ד! שרייב ה"א! שרייב ו"ו און שרייב — — — (ווערט אנטשוויגען) נו, א דאנק דיר, גאטעניו. מישעל איז

שוין פאַרטיק.

ר׳ מישעל: רבי, מ׳דאַרף זעהן אַז קיינער זאָל זיך ניט צוריהרען צו דער ליולקע. וואָרים טאָמער וועט זיך עמיצער פאַרען און חלילה פוגם זיין דעם שם — —

דער צדיק: טפש וואָס דו ביזט! אַט דאָס איז דאָך געווען מיין גאַנצע כונה. (הויבט אויף די ליולקע אין דער הויך) רבי אביש, שטעלט אריין די ליולקע ביי אייך אין דער ספרים־שאַפע און השמר־והזהר אַז קיינער זאָל זיך צו איהר ניט צוריהרען. נו, אַזוי לאַנג ווי די ליולקע בלייבט פאַרחתמ׳עט קען איך דאָך די ליולקע ניט אויסרויכערן און זאָל מיך בולמיע רופען קנאַק־ניסעל. (גיט ר׳ אביש׳ן די ליולקע און לויפט צו צום פענסטער) בולמיע, אַהער קום! ס׳איז ניט פרעהליך. איך קען ניט אויסרויכערן די ליולקע. גאָט לאָזט ניט. ס׳איז איצט זיין ליולקע.

די ציגיינער: (פון דרויסען הויבען אויף אַ שרעקליכען ליאַרם; שרייען) העשעל! העשעל!

דער צדיק: בולמיע, דיר און דיינע וועט ניט העלפען קיין שרייען. שוין מיט דרייסיג יאָהר צוריק האָב איך דיך געוואָרענט אַז דו זאָלסט זיך אבטראָגען פון אונזערע מקומות. ניטאָ דאָ פאַר דיר וואָס צו טהון. דאָ באַלעבאַטעווע איך.

דער אַלטער ציגיינער: אויסגעשווינדעלט? האַ? מיינסטו דאָך אַז דו האָסט געוואונען, ליולקע־ציבוך? ניין! דיין שמחה איז בלויז אויף אַ טאָג. באַלד אָבער וועסטו פאַרלאָזען די ערד און איך בלייב דאָ. דאָ! דאָ! איך וועל צוריקומען ווען דו וועסט שוין מעהר דאָ ניט זיין. איך וועל קומען צו דיינע קינדער און צו דיינע קינדס־קינדער, ווייל איך בין פון דאַנען און איך בלייב דאָ. דו הערסט, ליולקע־ציבוך? איך בלייב דאָ!

דער צדיק: איך לאַך פון דיר. ווען איך וועל שטאַרבען, וועט העשעל איבערנעהמען מיין פּאַדראַט. ביי איהם וועסטו נאָך האָבען ערגערע צרות. מיך האָסטו געטשעפּעט מיט תאות־ממון; גאָלד מיט זילבער האָסטו מיר געבאָמבעלט פאַר די אויגען.

העשלען אבער האסטו פארטשעפעט מיט תאות־נשים; מיט זנות האסטו איהם געוואלט בייקומען. דו האסט איהם מבייש געווען פאר זיך אליין און ער וועט זיך נאך מיט דיר אברעכענען. נו, גענוג געטענה'ט, בולמיע. טראג זיך אב!

די ציגיינער: (הויבען ווידער אן ליארמען און שרייען) העשעל! העשעל!

דער צדיק: (שרייט ארויס אין דעם ליארם אריין) העשעל פאהרט מיט מיר!!

די ציגיינער: העשעל! העשעל!

דער צדיק: (פארהאקט דאס פענסטער) עוזר, בעל־מנגן מיינער, אמר ה' ליעקב, אזוי מיט א קנאק!

ר' עוזר: (זינגט)

אמר ה' ליעקב

אלע:

אל תירא עבדי יעקב!

ר' עוזר:

בחר ה' ביעקב

אלע:

אל תירא עבדי יעקב!

דער צדיק: (מיט גרויס פייער)

גאל ה' את יעקב

אלע:

אל תירא עבדי יעקב!

(דאס זינגען ווערט אלץ שטארקער און פייערדיגער; דער צדיק און העשעל, ארעם־אין־ארעם, דערגרייכען א הויכע מדרגת פון התלהבות; סוף־כל־סוף ווערען די געשרייען פון די ציגיינער דער־דרונקען און דער הייליגער געזאנג האווערט איבער די קעפ פון גאטס קינדער און זיין זיסקייט צוגיסט זיך איבער אלע וועלטען. אכי"ר).

(פארהאנג)